פערלאג „ביכער-פאר-אלע", ווארשע.

# דער דעקלאמאטאר

## א ליטעראַרישע זאמלונג

פאר מוזיקאליש-ליטעראַרישע און פאמיליען-אווענדען.

ענטהאלט: סקיצען, מאָנאָלאָגען, הומאָרעסקען, געדיכטע, ליעדער און דראַ-
מאַטען פון די בערוהמטעסטע יודישע און אייראָפעאישע שריפט-
שטעלער, ווי אויך נאָטען צו די ליעדער.

געזאמעלט דורך

**אברהם רייזען**

און ערפילט דורך דער רעדאקציע פון
„ראמאנציימונג".



ווארשע. — תרס"ט.

דרוק „האור", דלוגע 11.

---

## ДЕКЛАМАТОРЪ

Состав. А. РЕЙЗИНЪ.

Изд. „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЕ", Варшава, Долгая 11.

# אינהאלט׳ס־פערצייכניס.

---

## פראזע.



## פאָעזיע.

# לידער צום זינגען.

## פאָלקס־ליעדער.





י. ל. פּרץ.

# אָבער דאַווענען מוז מען דאָך.

בערל שנײַדער האָט קוים דערלעבט זײַן זוהן דער דאָקטאָר זאָל צוריק קומען אַהײם, אין דער הײם וועט ער האָבען פּראַקטיקע, מען וועט שוין קרענקען.

געקומען איז דער זוהן פרײַטאָג, און שבת ווײל איהם דער פאָטער מיטנעהמען דאַווענען.

– איך וועל נישט געהן, טאַטע! מאַכט דער דאָקטאָר...

– וואָס, שעהמסט דיך מיט מיר צו געהן?

– גאָט בעהיט, טאַטע, וואָס פאַרט דיר אײַן...

– אָבער, אַז מען איז אַ דאָקטאָר, מײנסט דו, דאַרף מען שוין ניט גאָט בענטשען, גאָט לױבען?

– נישט דאָס, טאַטע...

– וואָס דען? זאָג! ביזט אפשר מיעד. חס־ושלום, נישט געזונד.

– נײן, טאַטע! נאָר געהן וויל איך נישט.

– איך בין אַ בעלן צו וויסען פאַרוואָס.

– נו, אַדרבה, זעץ דיך, טאַטע, איך וועל דיר זאָגען פאַרוואָס.

דער אַלטער לעגט אַוועק דעם טלית און זעצט זיך.

– נו, זאָג אַדרבא, לאָמיר אױך פערשטעהן אַ זאַך!

– גוט... שטעל דיר פאָר, טאַטע, אַז דו ביזט רײַך, אַזױ רײַך, אַז עטליכע רובעל מאַכען בײַ דיר גאָרנישט אױס.

דער פאָטער זיפצט אָב. כּדי פון זוהן אַ דאָקטאָר צו מאַכען האָט ער זיך איבער'ן קאָפּ פערזעצט, אַ הײַזעל האָט ער געהאַט – אױס הײַזעל, קאַמאָרינע זיצט ער, די מאַשינען אױך פערקױפט.

– נו, מאַכט ער און זיפצט שווער אָב.

– אַלזאָ, דו ביסט רײַך, און געגען איבער דיר וואָהנט אַן אַלמנה, אַ שוואַכע, אַ קראַנקע אַלמנה, לאָז נאָך זײַן מיט קינדער און מען דאַרף זי שטיצען.

– וואָלט איך אוודאי געשטיצט!

— נאר, צי וואלסטו געוואַרט ביז די אלמנה זאל דיך קומען בעטען, חלש'ען פאר דיר, אויסגיעסען טײַכען טרערען?

— חס ושלום! נאך וואס? אז איך ווייס...

— און גאָט — וואס איז ער, בעסער אדער ערגער פאר דיר?

— וואס רעדסטו, א שאלה דאס איז!

— ני, — טריאומפירט דער זוהן דער דאָקטאָר. — אז גאָט איז בעסער, ווייס ער אליין וואס אַנ'אָרימער, שוואַכער און קרענקליכער מענש בעדאַרף, און וועט ניט וואַרטען, מען זאל איהם בעטען...

— אָבער — —

— גאָט לויבען. מײַנסט דו?

— זאל זײַן...

— נו, טאַטע, ווי וואלט דיר געפעלען, עס זאל זיך דיר עמיץ אנטקעגען שטעלען און זאל דיר לויבען אין די אויגען אַריין: א וואוילער שנײַדער, א גוטער שנײַדער. אַ עהרליכער שנײַדער, אָבער וואס הייסט א שנײַדער! גאר אַנ'אמת'ער שנײַדער! אַנ'איינאיינציגער שנײַדער!

— אך, — מאַכט אונגעדולדיג דער אַלטער —, די גרינגע גאל געהט זיך אָן!

— און ווייסטו פאר וואס? ווײַל דו ביזט קיין נאר ניט, ואלסט הנאה האָבען פון נאַרישען לויבען. און דו ביזט א מענש, א שוואַכער מענש, וואס שענדען קען דיר שאַטען און לויבען העלפען...

— אָבער...

— קיין אָבער! טאַטע, קיין אָבער: גאָט איז קליגער פאַר אונז, און ער, מײַנסט דו, דאַרף אונזער לויב: ער דאַרף מען זאל זיך דרײַ מאל אין טאָג אַנידערשטעלען שרײַען: א גוטער שנײַדער, א וואוילער שנײַדער —

— וואס רעדסט דו?...

— נו, זאל זײַן: אַ גוטער גאָט, א וואוילער גאָט, הימעל און ערד בעשאַפען. צו ווייס ער ניט בעסער?

דער אַלטער פערטראַכט זיך, חאַפּט זיך אָבער אין מיטען אויף:

— אַלץ ריכטיג, — זאָגט ער, — אָבער ד א ו ו ע נ ע ן מוז מען דאָך.

## אַברהם רײזען.

# וואו איז יושר?

(פֿון אַ בעל-הבית׳ס אַ שמועס).

ענטקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט בעלי-מלאָכות. איהר מײנט דאָך, אַז נאָר איהר הײַנטיגע זענט דערגאַנגען דעם סוד, אַז דער בעל-מלאָכה איז אויך אַ מענש, און נאָך וואָס פֿאַר אַ מענש! די אויבערשטע פֿון שטויסעל, דער בחיר היצורים. די קרוין! אַ שפּאַס — דער פּראָלעטאַריאַט, ווי איהר רופֿט עס מען קען די צײַהנער צוברעכען מיט אַזאַ נאָמען... ניט דאָס בין איך אויסען. איך זאָג ניט — אַ גאַנג איז דאָס. אַז דער עיקר איז דער בעל-מלאָכה. די מעשה איז דאָך אַזוי. ווער פֿערשטעהט עס ניט? אַז ניט קײן שוסטער וואָלטען מיר געגאַנגען באָרפֿיס, אַז ניט קײן שנײַדער וואָלטען מיר געגאַנגען נאַקעט, אַז ניט קײן בעקער וואָלטען מיר אַלע געפֿאַסט, האָטש צוריק רעדענדיג: ברויט קען מען בײַ אונז אין שטעדטעל אַלײן באַקען און אָהן בײגעל קען מען זיך אויך באַגעהן אַי, אַ חלה? בלײַבט בײַ יעדער בעל-הבית׳טע אַ שטיקעל הדה פֿון שבת.. יאָ, הײסט עס אַז ניט איהר זײַט די ערשטע, וואָס איהר זענט דערגאַנגען דעם סוד. בײַ אונז אין שטעדטעל, האָטש מיר זענען קײנמאָל ניט געװעזען קײן סאָציאַליסטען האָט מען שוין לאַנג געוואוסט, אַז בעלי-מלאָכות זענען אויך מענשען, אויב זיי פֿירען זיך נאָר ווי מענשען. וואָרום דער עיקר איז דאָך, אַז דער מענש זאָל זײַן אַ מענש מיט שטאַט, מיט דרך ארץ, איז דאָך ניט שייך, וואָס איז ווערמעס עסק, ווער דו ביזט — זײַ האָטש אַ גאַרבער... ס׳אַדאַנה אונזערע!...

און אויב דער מענש איז נאָר געווען אַ מענש, האָבען שוין די בעלי-בתים פֿון שטעדטעל פֿערגעסען זײַן מלאָכה, און אָט אַזאַ מענש איז בײַ אונז געווען נח חיים דער שוסטער. הערט איהר, הלואי וואָלטען הײַנטיגע בעלי-מלאָכות זיך אַזוי געפֿיהרט ווי ער, וואָלטען מיר פֿון זיי מעהר געהאַלטען, ווי מיר האַלטען איצטער פֿון זיי, האָטש זיי זענען די יחסנים... וואָרום צוריק רעדענדיג.

האָט אַ בעל הבית דעם היינטיגען אַרבייטער נאָך ערגער פּיינט, ווי אַמאָל... צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען... ווי שטעהט אין פּסוק: עבד כי ימלוך... איהר פערשטעהט? מיינע רעד, האָף איך, וועלען זיך ניט דערגעהן, וואָרום ס'איז סכנות נפשות...

נח חיים דער שוסטער האָט כל ימיו אַ בעל הבית קיין מאָל ניט פּיגע בכבוד געוועזען, אַפּילו שמחת תורה ווען ער פּלעגט זיך איינשכור'ען, וואָס דאַמאָלסט איז דאָך הפקר אַ וועלט: יאָ בעל הבית, ניט בעל הבית... און שכור איז ער געוועזען מעהר פון אַלע, וויל נח חיים איז געוועזען דער אמת'ער טייערער ייד!... מיר האָט ער אַמאָל אַליין געזאָגט, אמת, ניט שמחת תורה, ניכטערערהייט: ר' לייב, וואָס זנאַטשע איך אַנטקעגען אייך? ווי דער בעל תפילה וואָס דאַווענט שבת פון פאָרענט ביז שוכן עד, קעגען דעם בעל־מוסף... ער איז געוועזען ניט קיין עם הארץ... עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב איהם גלייך געענטפערט: „ביזט אַ שוטה... אַלע מענשען זענען גלייך". ביי מיר איז ניטאָ קיין גדלות... „עט — פּלעגט ער זיך נעהמען עקשנ'ען — וואָס הייסט גלייך?... ווי אַזוי קענען זיין אַלע גלייך... אויף יענער וועלט סיידען"... ער איז געוועזען דער גרויסער חכם! וואָלט למשל אַ היינטיגער „פּראָלעטאַריאַט" געענטפערט אַזוי קלוג? עס פערשטעהט זיך, אַז לעדיג איז שוין דערפאַר נח חיים דער שוסטער ניט געגאַנגען, די שענסטע בעלי־בתים האָבען ביי איהם גענעהט, חאָטש, אַנ'אמת האָב איך האַלט צו זאָגען, היינטיגע נעהען בעסער: זיינער אַ באָט פּלעגט שטענדיג קוועטשען...

אין שטעדטעל פערשטעהט זיך, זענען געוועזען נאָך שוסטער, נאָר מיט זיי פּלעגט ער ניט האָבען קיין מגע ומשא. ער פּלעגט אַפּילו דאַווענען ניט אין דעם קלייזעל, וואו זיי, נאָר ביי אונז אין דער גרויסער שוהל. דאָרטען האָט ער טאַקי געהאַט אַ שטאָט, ניט אין מזרח, פערשטעהט זיך, אָבער צווישען די קלענערע בעלי־בתים... אַנ'עליה פּלעגט ער שטענדיג קריגען אַ בעל־הבית'ישע, אַנ'אַחרון, אַ הגבהה און אַמאָל, אמת שבת צו מנחה, פּלעגט ער טאַקי בעקומען שלישי... איך זאָג אייך, אַז ער איז ווערט געוועזען! אַז מען האָט, דערהויפּט שבת, גאָרניט דערקענט, אַז ער איז

אַ שוסטער. די זעלבּיגע אַטלעסענע קאַפּאָטע, די זעלבּיגע יאַרמאָרקע, ווי בּײַ אַלע בעלי=בתּים און די עטרה פון טלית איז נאָך געווען אַ טײַערערע ווי בּײַ אַנדערע בעלי=בתּים. הײַנט גײ האָב פּײַנט אַזאַ שוסטער!...

זעהט איהר, אַז מיר, בעלי=בתּים, זענען ניט עפּעס אַזוינע מענשען, וואָס פערשטעהען גאָרניט. און וואָס וואָלט געפעהלט, אַז אַלע בעלי=מלאָכות וואָלטען אַזוי געווען, ווער וואָלט צו זיי געהאַט. נח חיים דער שוסטער האָט טאַקי געלעבּט ווי אַ גראַף, שטענדיג געהאַט אַרבּייט, געטהון מיט קינדער בעלי=בתּישע שדוכים, און אַז ער איז געשטאָרבּען, דאָ ניט לאַנג טאַקי, איז געווען אַזאַ לויה, אַז יעדער ייד מעג מקנא זײַן. גאַנץ שטאָדט איז געווען. דער רב האָט איהם אַפילו געוואָלט מספּיד זײַן, דער רב האָט פון איהם שטאַרק געהאַלטען, נאָר אַ פּאָר בעלי=בתּים האָבּען איהם אָבגעהאַלטען: עס פּאַסט ניט, רבּי... אָבּער גענוג, אַז מען האָט געוואָלט!

מײַנט ניט, חלילה, אַז מיר זענען עפּעס גזלנים... מיר ווייכען אַלץ און פערשטעהען אַלץ און האָבּען יושר. איצטער איז דאָך ניט שײַך – אַז איצטער דאַרף מען גאָר מורא האָבּען...

נו, איז דאָס אַ גאַנג, פרעג איך אײַך, אַז אַ בעל=הבית זאָל דאַרפען מורא האָבּען פאַר אַ בעל=מלאכה?...

איך פרעג אײַך, איהר זענט דאָך אַ הײַנטיגער:

– וואו איז יושר?...



אברהם רײַזען.

# געשלאָסען אַגעשעפֿט.

(בקיצור).

אויף מאָרגען נאָך פּסח.

לײַזער שטעהט בײַ זײַן קלײן שטיבעל און קוקט אין דער וועלט אַרײַן. זײַן קוק איז אַ דערשראָקענער, אַ פֿערצווײפֿעלטער. די ליעבע זון, וואָס שײַנט מיט שטראַהלען פֿון דער פֿולער האַנד, ווירקט ניט אויף איהם. פֿערקעהרט, דער שײַנער ליכטיגער טאָג רײצט איהם, לאַכט פֿון איהם, מאַכט חוזק פֿון זײַן בלאַסען אײַנגעשרומפּענעם פּנים, פֿון זײַן קלײן בערדיל, וואָס האָט שוין צו פֿיערציג יאָהר פֿיעלע ווײַסע האָר, און דער הויפּט פֿון זײַן סורדוט, וואָס איז בלומרשט דער יום-טובדיגער און האָט סך הכּל מיט צוויי לאַטעס און מיט אײן ריס ווענִיגער, ווי דער וואָכענדיגער...

הײַנט, ווי וואָלט נאָך די זון געלאַכט, ויען זי וואָלט געוואוסט, וואָס בײַ איהם „טהוט זיך" אין שטיבעל, אין קעשענע... און אפשר וואָלט זי גאָר קײן האַרץ ניט האָבען דאַן צו לאַכען, זי וואָלט זיך פֿאַר שרעק אַוודאי בעהאַלטען, און זי וואָלט דערמיט טאַקי איהם אַ טובה געטהון. זי וואָלט איהם ניט אַזוי געשטאָכען מיט איהרע שטראַהלען, זי וואָלט איהם ניט אַזוי געוועקט צו'ם לעבען, ווען איהם איז געקומען ממש זיך אויסצוציהען אין גאַס און שטאַרבען.

עס איז אָבער גרינג צו רעדען — אויסצוציהען זיך אין גאַס און שטאַרבען. קײן שלעכטע זאַך וואָלט דאָס אפילו ניט געווען — אַ סוף — אַנ'עק, וויפֿיעל איז דער שיעור צו מוטשען זיך! אָבער וואָס טהוט מען מיט'ן ווײַב און קינדער? אויסציהען זיך אין גאַס מיט 7 פּערשוין, צווישען וועלכע עס געפֿינען זיך אַ פּאָר עופֿ'עליך איז עפּיס אַ ביסעל צו שרײַענדיג, ווער ווײסט, וואָס פֿאַר אַ רעש עס וואָלט געוואָרען אויפֿ'ן הימעל פֿון אַזאַ מעשה, און אפשר אויף דער ערד אויך...

וואָס זשע טהוט מען אָבער פֿאָרט? אויף היינט אַפילו איז נאָך געבליעבען פֿון פסח עטליכע מצות, אַביסעל מצה־פֿאַרפֿעל און אַ ביסעל בולבע. אין דער פֿריה נאָך האָט ער געהערט, ווי זיין גרונע האָט זיך געהשבונ׳ט און בעשלאָסען צו קאָכען אַ טעפיל בולבע און פֿערזופען מיט מצה־פֿאַרפֿיל. שלעכט איז דאָס אַפילו ניט, כמעט אַ יום־טוב׳דיגער „וואַרמעס", אָבער דאָס איז דאָך נאָר אויף היינט. וואָס וועט ער אָבער טהון מאָרגען?

די קשיא איז אַ האַרבע, אַ שווערע און איהר שפיץ איז מיט נאָדלען אָנגעשטעקט און די נאָדלען שטעכען אין האַרץ, אין קאָפּ און אין אַלע גליעדער. באַלד אָבער ווערט זי נאָך האַרבער, נאָך שווערער, נאָך שטעכעדיגער: וואָס וועט ער טהון איבערמאָרגען און וואָס וועט ער טהון אַ גאַנץ זומער, דעם לאַנגען גרויסען זומער, אַז קיין אַרבייט קאָן ער ניט, קיין קראָם האָט ער ניט און האַנדלען איז ניטאָ מיט וואָס און זומער איז ניטאָ וואָס צו האַנדלען — טויט!

און לייזער ווערט ניט אויף געלעכטער אין כעס און ברומט:

— אַ, ניט געדאַכט זאָל ער ווערען, דער זומער!...

אין יענקיל־חנן דער מלמד איז אויך ניט אין אַ בעזונדער גוטער שטימונג. די וואַרימקייט איז אַפילו צו זיין הוסט אַ שטיקעל רפֿואה, אין אַ וואַרעמען טאָג הוסט זיך לייכטער, און דער עצם הוסט איז אַ ווייכער, אַזש אין דעם הוסטען אַליין שטעקט אַ שטיקעל תענוג, פֿון דעסטוועגען איז פֿאָרט ניט גוט, מיט׳ן הוסט אַליין קען מען ניט לעבען, מען מוז האָבען דערצו אַ קנעלונג, און זומער ־עקומען אַ קנעלונג איז נאָך שווערער ווי ווינטער צו בעקומען די ל חה.

נאָר יענקיל־הנן איז אַ ייד אַ בריה. ניט אומזיסט לעבט ער ־ין 50 יאָהר אויף דער וועלט און הוסט שוין 35 יאָהר, — און ער ־ט זיך אַרויס אין גאַס זוכען „קינדער".

און זוכענדיג קומט ער צו צו לייזערן, אַ גליקליכע אידעע ־ט איהם דורך אין קאָפּ. סטייטש! לייזער האָט דאָך אַ יינגעל, ־מיש׳ניק. ער וועט צו איהם צושטעהן, ער זאָל איהם דאָס יונגעל ־נקיגעבען. ער מוז איהם אַוועקגעבען. פֿאַר גליק גיעט ער אַ פּאָר ב־ אַ הוסט און געהט צו גלייך צו׳ם קינפֿטיגען שפּייזער, צו זיין

„בעל־הבית", צו לייזער'ן, און נאכ'ן „גוט מארגען" פרעגט ער:

— ווי געפעלט אייך היינטיגער טאג?

— ניט קיין מאוסער טאג! ענטפערט לייזער.

— דוקא א שיינער טאג! לויבט יענקעל חנן —

ער ווערט שטיל, גיעט עדעל א הוסט, מאלט גאר אנ־אנדער מינע און שטעהט צו גלייך צו דער זאך.

— וואס הערט זיך מיט אייער „בחור'יל"? האט ער שוין א מלמד?

— האבען האט ער... ענטפערט לייזער און וויל שטאלץ זיין — נאר איך בין עפיס ניט צו פריעדען.

— הייסט עס, האט ער דאך ניט — ווערט יענקיל חנן מלא שמחה.

— אזוי ווי ניט! איז זיך שוין לייזער האלב מודה.

— היינט וואס־זשע וואַרט איהר? ווערט שוין יענקיל חנן אין גאנצען פרעהליך, די האפנונג צו בעקומען דעם תלמיד איז שוין כמעט ווי ערפילט. און ער הוסט זיך שוין פערנאנדער, ווי געהע־ריג איז, ווי עס פאסט פאר א מלמד, וואס האט שוין באלד זיין חדר פאר פול.

לייזער פרעגט דעם מקח, וויפיעל קינדער האלט ער אין חדר און ווי איז זיין שיטה אין לערנען. יענקיל חנן ענטפערט אזוי, אז לייזער איז אין גאנצען צופריעדען און נאך א קורצען ישוב־הדעת זאגט ער ארוים מיט א ברייטקייט:

— מילא, ער וועט געהן צו אייך!

— און איהר וועט זיין צו פריעדען! פערזיכערט יענקיל חנן און וויינט שיער ניט פאר שמחה...

און אז דער מלמד גיעהט א גליקליכער אוועק, ווערט לייזער אויך רוהיגער און האלב שטייכערענדיג, האלב וויינענדיג ברומט ער ארוים:

— געשלאסען א געשעפט...



י. ל. פרץ.

# דער משוגענער בטלן.

ער איז געלאפען אויף און אב ביי טאג איינער אליין אין ביה"מ און ראפטעם זיך אבגעשטעלט.

— רבונו של עולם! ווער בין איך?

— ווער בין איך?... מען רופט מיך: בערל חאנטשעס... נו, בין איך דען בערל חאנטשעס? בין איך דער נאמען? — די שילד איז נאך ניט די שענק! דאס הויז, וואו דער רב וואהנט, הייסט: פאדקארפיעס און איך = בערל חאנטשעס!

אין טשאלנאיוקע קען מען מיך: מען ווייסט ווער בערל חאנטשעס איז; אבער אין אמעריקא? ווען איינער למשל גיט אזוי ראפטים א זאג ארויס אין אמעריקא, אין ביהמ"ד: „בערל חאנט= שעס"... נו ווארט עמיצן געוואוסט, אז מען מיינט עס מיך?

שאני הכא! דא איז עפעס אנדערש, דא גיט יעדער א שמיי= כעל, א שאקעל מיט'ן קאפ, מאכט אזוי א תנועה... „א בעקענטע זאך, בעריל האנטשעס"! איינער טראכט: דער בטלן, דער צווייי= טער: — דער משוגענער, דער דריטער — כוויים וואס; דער פיער= טער וועט זיך דערמאנען, אז איך הייס נאכ'ן פעטער בערל. — טויבערע, אמת, גיט א קרעכץ דערביי, ווייל זי ווייסט, אז איך בין געבליבן א יתום. אבער אין אמעריקע, וואו מען קען ניט חנה די זיטציערקע, און וואו מען ווייסט ניט, אז עס איז געווען אויף דער וועלט א בערל חקרן, דער מאמעס א ברודער, וואו מען ווייסט ניט, אז איך בין. וואס מען רופט מיך: א משוגע'נער, א בטלן, א יתום און אפ... גאר א חקרן. איך בין, דאכט זיך, געראטען אין פעטער ...ן. וואס פאר א רושם וואלט געמאכט: בערל חאנטשעס?!

...פעס ... דאך יא ווער איך בין? איך אליין זאג דאך:

א משוגענ... ...טלן... נו, דאס בין איך!

בין ... רען ניט משוגע? וועלכער מענש שטעלט זיך אנ= דער קל...ן, ווער ער איז? א מענש איז א מענש! איך בין א מענש

און היים: בעריל חאנטשעס... וואלט איך געוועזען א הויז, וואלט איך אפשר געהייסען: פאדקארפיעס, — איין ארעשטאנט — וואלט איך געהאט א לאטע אויף די פלייצעס און א נומער... וואלט מיין טאטע, נישט די מאמע, געוועזען דער פערזארגער, דער „פרנסה-געבער”, ניט דער בטלן, וואלט איך געהייסען: בערל שמערל׳ס. עס וואלט אפילו שווער געוועזען ארויסצוזאגען: „בערל שמערעל׳ס” נאר מען וואלט שוין געמוזט! און אפשר וואלט איך דעריבער ווע-ניגער געוועזען ביי מענשען אין די מיילער — ווען מיין נאמען זאל זיך נישט אזוי גלאטיג ארונטערקויקלען פון דער צונג.

— אבער, ווי איך וואלט געהייסען — א מענש בין איך...

— א מענש! נאר א בטלן דערצו... מאלע א מענש בלייבט א יתום, נו, וואהנט ער אין ביהמ״ד? קראנק בין איך עפעס צו טהון? אין שליחות געהן, האלץ צו האקען, א משרת צו ווערען און געהן אנגעטהון א בגד, נישט קרועה בלויה. עסען ברויט, נישט צו זיין ביז דרייסיג יאהר ישיבה בחור, עס זאל מיר פעהלען צוויי טעג אין וואך און ארומדרעהען זיך און קלערען: ווער איך בין?!

— איך וואלט חאטש געוואוסט, ווער מיין קאפאטע איז; אזוי, אסור אויב איך וויים! — א שטיק בענדיט, א שטיק חיים, א שטיק יונה, דריי פערטיל פון מיסט! אמערלה, טויבערע קען נייען א ניט וואלט איך געוועזען אדם נאקעט.

— איז דען דאס אליין ניט קיין שגעון? אזא מין בטלנות, אזא מין בטלנות! גארנישט... שמער׳ל, חיים, יונה... עס האט א שיעור וויפיעל בית המדרש׳ניקעס איך האב איבערגעלעבט!... איי-נער איז שוין א סוחר, איינער — א טרעגער, איינער — א שענקער: א דאגה, איינער איז שוין איין אלמן אפילו, שמער׳ל האט שוין דאס דריטע ווייב; נאר אלע האבען קינדער, געשעפטען, עסקים; גוט, שלעכט, נאר פערנומענע מענשען, עסען ניט קיין טעג, זענען נישט קיין בטלנים... מענשען! און איך וויל אויך זיין א מענש!

— וואס הייסט א מענש?

— ווי איך בין א ייד, איך בין קיין מענש נישט!

— ווי איך בין א ייד! איך בין א ייד! אמת, איך בין א ייד, נאר גאנץ טשאכנאוקע זענען אויך יידען און זענען נישט איך,

הלמאי, איך בין אַ מאַנספּערשוין, (חאַטש אַ קלאָג צו מיין מאַנס־פּערשוין. אַ וועהטאָג צו איהם)! נו... אַלע מענשען, וואָס זענען ניט קיין נקבות זענען מאַנספּערשוינען, הכלל, זענען אַלע בעריל חאַנטשעס!

– ניין. ברודער בערל! נאַר דיך נישט! דו ביזט אַ מאַנס־פּערשוין, די ביזט אַ ייד, אמת; נאָר נישט דו ביזט דער מאַנס־פּערשוין, נישט דו ביזט דער ייד! דו ביזט עפּעס אַנדערש; דאָס איז נאָר אַ צולאָג, אַ צוגעגעבענע זאַך; אָבער נישט דו אַליין...

– איך רעד מיר איין, אַז איך בין אַ בטלן, אַ משוגענער, אַ יתום, אַנ׳אומגליקליכעס מאַנספּערשוין... נאָר בטלנים, משוגעים, יתומים זענען דאָ אַ סך, אפשר אַזוינע מאַנספּערשוינען ווי איך בין – וועניגער; נאָר דאָ איז, אַ דאַגה, אפשר אין אַנ׳אַנדערע שטאָדט, אפשר אין אַמעריקע, נו, זענען אַלע איינס? חס ושלום, יעדערער פאַר זיך!...

– נו, ווער זשע בין איך, צו אַל־די שוואַרצע יאָהר!

– עס האָט געמוזט אין מיר אַריין אַ דבוק, עס מוז עמיץ זיצען אין מיר און קלערען איבער מיר, און מיר דאַכט זיך: איך אַליין קלער! אַ יהא ראיה, ווען איך אַליין האָב כח (אַ גאַנצע וואָך, אויסער מאָנטאָג און דינסטאָג) האָט יענער אויף מיר קיין שליטה ניט, און איך קלער וועניגער! און באמת, די חקירה איז, אַז קיין שום מענש אין דער וועלט קאָן נישט קלערן זיך אַליין! – ווי הייסט, איך וויל מיך משיג זיין? איך וויל מיך אַרויסרייסען פון מיר אַרויס, אַוועקשטעלען „איהם” אין אַ זייט, „ער” זאָל קוקען אויף מיר! „איך”, „ער” זאָל קוקען אויף „ער” „איך”...

– חאַ, חאַ, חאַ! ווי הייסט! זאָל איך מיר נאָר בערעכע־נען!... עפּעס ווערט מיר וואַרעם אין מוח!...

(ער איז צוגעלאָפען צו׳ם כיור, אָבגעגאָסען זיך מיט קאַלט וואַסער, פון אונטערן אויבען אַרויסגעשלעפּט אַ שמאַטע, און שטייף זיך אַרומגעבונדען דעם שטערן).

אַצונד וועט עס געהן. נאָך אַ מאָל!... איך וויל וויל וויסען װער איך אַליין בין...

– וואו־זאָל איך קוקען, אַראָב צו אַרויף? רעכטס – צו לינקס?...

איך בין דאָך אין מיר. ווען איך, למשל, קריך אַרויף אויפ'ן אָרון קודש בין איך אין גאַנצען אויבען, איך וועל אונטען גאָרנישט איבערלאָזען, לאָז מיך רויפען אין קעלער אַריין, וועל איך זיין אין גאַנצען אונטען... ווי זשע קאָן איך קוקען אויף מיר!?

היכא דמי?!

— ווער זשע זיצט אין מיר, ווער קלערט פאַר מיר?

— און עפּיס זיצט דאָך פאָרט... חאַ?...

— איך וויים דאָך, אַז ווען עס זענען געדענגען בײַ דער שמש'טע אומגעצעהלטע קיכעלעך און איך האָב שוין דריי טאָג קיין מאכל ניט געהאַט אין מויל, האָב איך גאַנץ שטאַרק חשק געהאַט אַראָבצושניפּען אַ קיכעל... נאָר איך האָב געזאָגט: ניין! מען טאָר ניט! נישט מיין... דערנאָך האָב איך געפונען טויזענד תירוצים... „די שמש'טע האָט געגוג פערדינט אָן מיר, זי מאָג מיר געבען אַ ציילאָג", „איך זאָל זי בעטען וואָלט זי מיר אַליין געגעבען" „איך וועל איהר מיט גאָטס הילף אַמאָל בעצאָהלען..." נור איך האָב אַלץ געזאָגט: „ניין, מען טאָר נישט"... און עס איז געבליבען נישט!... פריהר איז געגאַנגען איינס נאָכ'ן אַנדערן, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך אַליין פרעג און איך אַליין ענטפער, נאָר דערנאָך, שפּעטער אַ ביסעל, חאָטש תוך כדי דבור, נאָר דערנאָך איז עפּיס אַנדערש געוואָרען, עס איז געווען צוזאַמען, יאָ און ניין, ניין און יאָ און וויַיטער ניין! עס איז געוואָרען אַ מחלוקת, און נישט איז געוואָרען, — ניט ווייל איך האָב ניט געוואָלט, אָדער דעם חשק פערלאָרען! ניין, נאָר די האַנד האָט זיך ניט געקענט ריהרען: זי האָט ניט געוואוסט וועמען צו פאָלגען... אַ והא ראיה, איך בין דערנאָכדעם עפּיס שטאַרק מיעד געוואָרען, ווי נאָך אַ גרויס מחלוקת, ווי נאָך אַ גרויסען וכוח מיט יונה לאָקש, וואָס וויל מיר אַלס איינרעדען, אַז דער גאון זיצט אין גן עדן מיט אַ פערראָצטע באָרד, וויַיל ער האָט ניט געהאַלטען פון חסידות!

— אַזאַ פערד!... נאָר מיעד בין איך געוועזען; איך דערמאַן מיך גאַנץ זיכער, זיכער! דאָס אייגענע איז געוועזען פורים, ווען איך האָב געטראָגען פון פרץ פיינהאָלץ, פון גביר, דעם רב משלח מנות. איך האָב געהאַט אַ פול מויל מיט וואַסער, די צונג איז מיר

אַרומגעלאָפֿען אין מויל משוגע, ווי איך לויף ציננד אַרום אין ביהמ״ד. די הענד האָט מיר געציטערט; אַ שטיק טאָרט, מאַקאַראָנעס, עפּיס נאָך עטליכע מינים... איך נאַשער האָב געוואָלט, איך עהרליכער מאַן האָב נישט געוואָלט!...

— מען זאָגט: „יצר הרע“, „יצר טוב“, לאָז זיין אַזוי, אָבער ביי ווי סיי, בין איך נאָר אַ דירה וואו עס וואָהנען צוויי קאָמערניקעס, איינער הייסט: יצר טוב, און דער צווייטער — יצר הרע. ניט אַזוי? ווייטער די מעשה מיט די נעמען... אָבער ווער זענען זיי? ווער בין איך?!

— איך בין אַ דירה, איך בין דער גוטער קאָמערניק, איך בין דער שלעכטער קאָמערניק. אַרץ איך, און דערצו וויל איך וויסען ווער איך בין?! חאַ, חאַ, חאַ! — שאַ! נעכטען ערשט, דער עירם האָט געלאַכט, וואָס איך בין געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, אפשר אַ שעה! איך ווייס וואָס איך בין געשטאַנען! איך האָב ניט געקאָנט געהן: מען האָט געהאַקט האָלץ אויפ׳ן שולהויף, דאָב איך געוואָלט געהן פּרובען צי קאָן איך אַ פּאַליענע צעהאַקען, צי קאָן איך אַרבייטען... איך האָב אָנגעהויבען צוגעהן; עס איז געוועזען צוויי בענק: אין דער זייט אַ באַנק, און יענער זייט אַ באַנק. דאָ דערצעהלט מען, אַז מען הייצט אין באָד, הייבט מיך אָן ביי־סען דאָס גאַנצע לייב און איך וויל צוגעהן צו מיין קעסטעל, אַרויס־שלעפּען מיין בעזמ׳ל און געהן אין באָד אַריין... געגענאיבער האָט זרח מלמד דערצעהלט, יענקעלע קעצלען, אַז אין „בעל עקדה“ איז דאָ אויף דער היינטיגער סדרא אַ פּלאי פּלאים דרוש און איך וויל טאַקי שוין וויסען, וואָס זרח מלמד איז געפּעלען און צולויפען צו דער מזרח וואַנד און אַראָבחאַפּען דאָס ספר... בין איך טאַקי געשטאַנען! די פּיס האָבען ניט געוואוסט וועמען צו פאָלגען: צי דעם בער׳ל חאַנטשעס, וואָס וויל געהן האָלץ האַקען, צי דעם בער׳ל האַנטשעס, וואָס וויל געהן אין באָד אַריין, ווייל עס בייסט איהם, צי דעם בערל חאַנטשעס וואָס וויל וויסען, וואָס זרח מלמד איז געפּעלען!... בין איך טאַקי אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז איך האָב מיך דערמאַנט, אַז איך האָב נאָך קיין מנחה נישט געדאַווענט!

— נו, על כן? וואָהנען אין מיר שוין פיער פּערשוין! אַ האָלץ

העקער, אַ בעל־עקדה'ניק, אַ בעדער און דער לעצטער אַ מנחה דאַוו־נער, וועלכער האָט אַלע אַרונטערגעיאָגט אונטערן אויבען, זיי זאָ־לען קיין פּיפּיש ניט געבען, נאָר ער האָט צו שאַפען, און די פּיס מיינע האָבען איהם געפאָלגט צוגעגאַנגען צו דער וואַנד און גע־דאַוועט!

— אַ שטיקעל אמת שטעקט דערינען... וואָרום זיי האָבען זיך נאָר בעהאַלטען אונטערן אויבען ערגעץ, אָבער זיי האָבען פון דאָר־טען אַרויסגעקוקט... זיי האָבען געווינקען צו מיר... און האָבען מיך מבטל געווען: אין מיט'ן שמונה עשרה האָב איך אַלץ אין זינען געהאַט: האַלץ האַקען, שמייסען זיך אויף דער העלסטער באַנק אין באָד, און להבדיל בין אלף אַלפי הבדלות, זענען מיר געלעגען אין קאָפּ דעם בעל עקדה'ס דרשות אויך!...

— נו, אַ כלל? וואָס העלפט דער יצר טוב מיט'ן יצר הרע, אז איך בין אַ מאָל דריי, און אמאָל פיער!

— ניין, ניין! איך פיהל, אַז „איך" אַליין בין עפּיס אַ נאָר־נישט! איך אַליין וואָלט גאָר ניט געלעבט. איך אַליין, ווען איך לעב אַפּילו, וואָלט איך מיך אין דער פריה אַפּילו פון דער באַנק ניט אויפגעהויבען, איך וואָלט געלעגען ווי אַ גולם עד סוף כל הדורות... איך בין טאַקי אַ גולם, איך האָב קיין נשמה נישט; נאָר אַלץ אַרום לעבט, אַלץ אַרום האָט אַ נשמה, און די נשמות לאָזען עפּיס אַרויס אַזוינע לאַנגע, דינע, שפּיציגע פעדעמליך, שטראַהלען, וואָס חאַפּען זיך און טשעפען זיך אין מיר; וואָס קריכען אין מיר אַריין, וואָס ריהרען מיך, שטעלען מיך אויף די פיס, הייסען מיך געהן, טהון, לויפען... איך אַליין בין גאָרניט!.

וועער דען'זשע קלערט? חאַ? וועער זיצט אין מיר און קלערט? ווייטער אַ פרעמדער? נישט איך?

— נו, זאָל זיין אַ פרעמדער! וועער זשע איז ער? ווי קומט ער צו מיר? צו בין איך אַ שטייג און ער — דאָס פויגעלע?... דוד המלך, עליו השלום, זאָגט: יונתי מיין טייבעלע! — ווייל דאָס טיי־בעלע האָלץ האַקען, אין באָד אַריינגעהן, אַראָבגנב'ענען פונ'ם משלח מנות, אוועקשניפען אַ קיכעל ביי דער שמשטע, און תוך

כדי דבור זעהן דעם בעל עקדה'ס דרשה?... פע טײַבעלע, נישט שען! בײזט דו עס, מאָגסטו זיך שעמען!

– חאַ! חאַ! חאַ! בערל חאַנטשעס איז אַ טײַבעלע, אַ פֿױגע־לע! בערל חאַנטשעס האָט אַ קלײן פּיסקעלע מיט פֿליגעלעך, בערל דנטשעס װעט אַמאָל אַרױספֿליהען פֿון דער שטײַג...

– נו, בערל חנטשעס, דעמאָלט װעסטו אױך קלערן װער דו בײזט? אױך זײַן אַ יתום, אױך זײַן אַ בטלן, אױך זײַן משוגע?

– אַװדאַי! װער דען? די שטײַג איז משוגע? די שטײַג איז אַ יתום?

– רבונו של עולם! װער בין איך פֿאַרט?



## משורר.

# שטערן.

אַ העל־אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט:

אַח, איהר העלע, אויסגעשטערנטע זומער־נעכט, פֿאַר וואָס זײַט איהר אַזוי העל, אַזוי שען, ווען בײַ מיר אין האַרץ איז אַזוי אומעטיג און פֿויל?

פֿאַרוואָס איז בײַ מיר אויפ׳ן האַרץ אַזוי אומעטיג און פֿויל, ווען איהר זײַט אַזוי העל, אַזוי שען?!

איך לאַך אויס דער וועלט. זאָגען אַלע גרין, זאָג איך ווײַס! אויף מײַן אייגען בלוט זאָג איך ווײַס, נישט רויט, ווי אַלע זאָגען! ווער הערט זיי? לאַבענדיג שפּאַציער איך צווישען טויטע, צווישען לעבעדיגע בין איך טויט! בליהט בײַ איינעם אַ האָפֿנונג אין האַרץ, רײַס איך זי אויס און וואַרף זי אויפ׳ן מיסט, און פֿון מיסט עפּיס אויפֿהויבען און קושען, און קניען פֿאַר׳ן אָבשײַ — איז בײַ מיר אַ פֿערגניגען!

איך לאַך אויס דער וועלט, נאָר אויס העל אויסגעשטערנטע זומערנאַכט לאַך איך נישט!

זיס און הייליג זײַט איהר, העלע אויסגעשטערנטע זומער־נעכט, חאָטש איך האָב לאַנג קיין הייליגקײַט, און האָב דען געשמאַק פֿון זיסקײַט פֿערלאָרען!

אין אַ שטילע, זיסע, העל־אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט עפּענט זיך אויף דאָס קבר אין שטיינערנעם האַרץ, און אַ לאַנג פֿערשטאָרבען פֿערלאַנגען וועקט מיך אויף...

לעבען, אַ רגע לעבען וויל איך, נאָר אַ שטאַרק ריזיג רעגען זאָל עס זײַן — אַזוי רעבען אַ סעקונדע און פֿערשווינדען, אויפֿבליהען און פֿערלעשען! אין הימעל בעוועגט זיך אַ פֿינסטערע מאַסע אָהן אַ שטראַהל, אָהן לעבען; זי בעוועגט זיך צערשטרייט אין דער הייך: איין אונבעקאַנטע קראַפֿט יאָגט זי, און יאָגט זי אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און די פֿינסטערע מאַסע יאָגט זיך און שוועבט

אַלץ שנעלער און שנעלער. וואו אַהין? נאָך וואָס? דאָס ווייס זי ניט, זי פרעגט ניט און פליהט און אין פליהען צוהיצט זי זיך, צופלאַמט און צופלאַקערט, און־פאַלט...

זי פאַלט, נאָר אין פאַלען פלאַקערט זי און לייכט אַ סעקונדע!

אָך, אַ שטערן!



שלים עליכם.

# ביי'ן דאקטאר.

(מאנאלאג).

– איך וויל אייך בעטען, הערר דאקטאר, איין זאך: איהר זאלט מיר אויסהערען. דאס הייסט ניט דאס שלאפקייט מיינס זאלט איהר אויסהערען, פונ'ם שלאפקייט וועלען מיר שמועסען שפעטער. איך וועל אייך שוין אליין אויפקלערען, און וואס עס בעשטעהט מיין שלאפקייט. ווילען וויל איך איהר זאלט אויסהערען מיך אליין, ווארום ניט א יעדער דאקטאר האט ליעב אויסהערען דעם חולה, ניט יעדער דאקטאר לאזט זיך רעדען. דאקטוירים האבען א טבע זיי ווייסען נאר טאפען דעם דופק, קוקען אויפ'ן צינגער, פערשרייבען א רעצעפט און נעהמען פאר'ן וויזיט. אויף אייך האב איך געהערט זאגען, אז איהר זענט ניט פון די דאקטוירים. איהר זענט נאך ניט אזוי להוט, פערברענט נאכ'ן קערביל, ווי אנדערע דאקטוירים. בין איך דערפאר, הייסט דאס, טאקי געקומען צו אייך זיך מיט אייך אנ'עצה האלטען מכח מיין מאגען.

איך בין, ווי איהר זעהט מיך, א מענש מיט א מאגען. על פי חכמת הדאקטאריע קומט אפילו אוים, אז יעדער מענש מוז האבען א מאגען, נאר ווען איז דאס גערעדט געווארען? אז דער מאגען איז א מאגען. אבער אז דער מאגען איז קיין מאגען ניט, היינט וואס טויג דאס לעבען?

א מענש, כל זמן ער לעבט, ווילט זיך איהם ניט שטארבען, חאטש דעם אמת דארף איך אייך זאגען, אז איך אליין האב פאר'ן טוידט בכלל קיין מורא ניט, ווארום ערשטענס בין איך שוין ארי־בערגעשפאנט ששים, והשנית בין איך אזא מענש, וואס לעבען און שטארבען איז ביי מיר גלאט אלץ איין יום טוב, דאס הייסט לע־בען איז אודאי גלייכער ווי שטארבען, ווארום ווער וויל דאס שטארבען, ובפרט א ייד! ובפרט א טאטע פון עלף קינדער, זאלען געזונד זיין, מיט א ווייב, חאטש דאס דריטע ווייב, נאר דאך א ווייב.

בקיצור, אַלײן בין איך אַ קאַמעניצער, דאָס הײסט ניט פֿון קאַמעניץ גופֿא, נאָר פֿון אַ שטעטל ניט װײַט פֿון קאַמעניץ, און בין, אַז אָך און װעה איז מיר, אַ ייד אַ מיהלנער, איך האַלט אַ מיהל האַלט איך, דאָס הײסט די מיהל האַלט מיך, װאָרום װי זאָגט איהר, אַז מען קריכט אַרײַן ליגט מען, אַ ברירה האָט מען? ס'איז אַ ראָד פֿערשטעהט איהר מיך און עס דרעהט זיך! באַרעכענט זיך אַלײן, אַז פֿאַר װײץ בעדאַרף מען צאָהלען מיט מזומנים? און מעהל מוז מען צוטהײלען אױף קרעדיט? אַ װעכסעל אַהין אַ װעכסעל אַהער, און צו טהון האָט מען מיט גראָבע נפֿשות, און מיט װײַבער, איהר האָט עפּעס ליעב — װײַבער? גײ גיב זײ אָב דין וחשבון, אַלמאַי דאָס, אַלמאַי יענס? אַלמאַי עס איז ניט געראָטען בײַ זײ די חלה? װאָס בין איך שולדיג? אפֿשר, זאָג איך, איז בײַ אײַך װעניג היץ, אָדער אפֿשר איז בײַ אײַך געװען שרעקליכע הײזװען? אפֿשר איז בײַ אײַך געװעזען, זאָג איך, נאַס האָלץ? פֿאַלט מען נאָך אָן אױף אײַך, און מען מאַכט אײַך מיט דער בלאָטע און מען איז אײַך מבטיח, אַז דאָס אַנדערע מאָל װעט אײַך פֿליהען די חלה אין קאָפּ אַרײַן... איהר האָט עפּעס ליעב אַז ס'פֿליהט אײַך אַ חלה אין קאָפּ אַרײַן? דאָס זענען די קונה'טעס די אַחרים'ניצעס.

נאָר איהר מײנט אַודאי די קונים די האָרטאָװניקעס זענען בעסער? אױך ניט בעסער! לכתחילה אַז דער קונה קומט אין מיהל אַרײַן און װיל זיך מאַכען אַ קרעדיט, איז ער װײך װי אַ פּוטער, מיט טױזענד חניפֿה'לעך און קאָמפּלימענטען, חאָטש נעם און לעג איהם צו צו אַ מכה; און נאָכדעם, אַז עס קומט צו'ם צאָהלען, הײבט זיך אָן אַ צעטעל פֿון טענות: דער טראַנספּאָרט איז איהם שפּעט אָנגעקומען, די זעק האָבען זיך צוריסען, די מעהל איז געװען ביטער, טוכלע, צוגעלעגערט הײסט עס, צרות מיט שרעק-אַכציקן חסרונות מיט זיבען און צװאַנציג תירוצים. „און געלד"? גערעדט, זאָגט ער, שיקט אַרײַן אַ חשבון! אַ האַלבער סלוק הײסט דאָס. שיקט מען איהם מאָהנען, זאָגט ער: „מאָרגען". מאָרגען — „איבערמאָרגען". אַ נעכטיגער טאָג! הױבט מען איהם אָן סטראַשען מיט אַ פּראָטעסט און מען גיט אױף איהם אײַן. נו, און אַז מען גיט שױן אײַן מײנט איהר איז װאָס? האָט מען אַ „ליסט", און אַז

מען קומט מיט'ן „ליסט" איבערשרייבען איז במילא אלסדינג אויף
די ווייב'ס נאמען, און גאה רוף איהם קנאק־ניסעל!

נו. פרעג איך אייך, ביי אזעלכע געשעפטען, ווי זאל מען
ניט האבען קיין „מאגען"? ניט אומזיסט זאגט צו מיר מיינע, חאטש
זי איז ביי מיר ניט דאס ערשטע, זי איז דאס דריטע, און דאס
דריטע ווייב איז דאך, ווי זאגט איהר, די זון אין שבט, נאר דאך
אוועקמאכען קאן מען זי ניט, פארט א ווייב: „וואדף אוועק, זאגט
זי צו מיר, נח, וואדף אוועק דאס מעהל געשעפט, לאז זיך עס
אנצינדען מיט דער מיהל אינאיינעם, וועל איך אויך וויסען, אז דו
לעבסט אויף דער וועלט!" — ע־העה־הע! זאג איך, די מיהל זאל ווע־
רען ברענגען! זי איז גוט געסטראפירט"... „ניט דאס, זאגט זי: מיין
איך, נח, איך מיין, וואס דו לויפסט ארום, ניט קיין שבת ניט
קיין יום טוב, ניט קיין ווייב ניט קיין קינד וואס? וואס פליהסט
דו"?... פרעגט מיך בהרם, איך ווייס אליין ניט, וואס איך פליה.
וואס זאל איך טהון, אז ס'איז ביי מיר אזא טבע צו אלדע רוהות?
איך האב ליעב דרעהען! טאמער מיינט איהר מען האט עפעס פונ'ם
דרעהען? צרות האט מען! וואס פאר א געשעפט איהר זאלט מיר
ניט געבען, נעהם איך דאס אן, ניטא פאר מיר קיין שלעכטער
בראנפען: זעק — איז זעק, האלץ — איז האלץ „טארגעס" — איז „טאר־
געס", איהר קענט אודאי מיינען אז א חוץ דער מיהל האב איך
שוין מעהר קיין געשעפטען ניט? האט איהר מהילה א גרויסען
טעות! ווי איהר קוקט מיך אן, האנדעל איך מיט וואלד, מיט איינעם א
שותף, וואס מיר האקען איהם, און שטעל צו פראוויאנט אין
דער טורמע, און האב א חלק אין דער טאקסע, און דערצו
דוקא אלע יאהר צו איהר געלד, איהר וואלט זיך עס ווינשען
פארדיענען אלע חודש, איך בין אייך קיין שונא ניט, אי צו
וואס דארף איך זי? קהל אויף צו להכעיס! איך בין, ווי
איהר זעהט מיך, א גרויסער בעל־נצחון; ביי מיר צוליעב נצחון איז
כדאי די גאנצע שטאדט זאל געהן צו גרונד און אליין בעגראבען
ווערען—אבי אויספיהרען מיינס! איך בין, ווי איהר זעהט מיך, א
מענש דוקא אזוי זיך ניט קיין שלעכטער בטבע, נאר א גרויסער
„קאפריז", א „ספילשלינוועך" הייסט עס, מיך אז מען ריהרט אן אין

כּבוד, איז חיות ניט זיכער, און דערצו בין איך נאָך אַ שטיקעל עקשן אויך.

איך בין אַ בעלן געװען אַ מאָל, אין די גוטע יאָהרען, פאַר אַמֵן „אַתּה־הָראֵית׳לע" בײַ אונז אין בית־המדרש געהן בּיז׳ן בלוט אַרײַן; דאָס בית־המדרש האָט מען פערמשפּט — און איך האָב טאַקי אויסגעפּיהרט מײַנס, וואָס זאָל איך טהון? ס׳איז בײַ מיר אַזאַ בלוט! ס׳איז בײַ מיר נערוועןָ, זאָגען זיי, די דאָקטױרים, און ס׳האָט, זאָגען זיי, אַ שײַכות צו׳ם מאָגען, האָטש אַפּילו על־פּי שׂכל קומט דאָס אײַס ווילד, וואָרום וואָס געהער זיך אָן נערוועןָ מיט מאָגען? אַ ביסעל אַ סמיכת הפּרשה! וואו זענען די נערווען? און וואו איז דער מאָגען? נערווען זענען דאָך צומײַסטען, על־פּי חכמת הדאָקטאָריע, דאַכט זיך דאָרט וואו די נערווען? און דער מאָגען איז דאָך גאָר ווײַס איך וואו, פאָלג מיך אַ גאַנג!... שאַט, אָט באַלד ענדיג איך, ויאָס האַפּט איהר זיך אַזוי זיצט נאָך אַ מינוט.

איך וויל דאָך אײַך אויסדערצעהלען אַקוראַט, איהר זאָלט מיך אויסהערען און זאָגען מיר, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו מיר אָט דער דאָזיגער אומגליק. איך מײן דעם מאָגען מײַן איך, אפּשר איז דאָס פון דעם, וואָס איך בין נע וָנד, בין קײנמאָל ניטאָ אין דערהײם, און אַפּילו דעמאָלט ווען איך בין אין דערהײם, בין איך אויך ניט אין דערהײם. איך שווער אײַך בּהן שלי — ס׳איז אַ געלעכטער צו הערען און אַ חרפּה צו זאָגען — איך ווײס ניט וויפיעל קינדער איך האָב און ווי אַזוי מען רופט זיי. ס׳איז ניט גוט העריט איהר אָהן אַ בעל הבית און אָהן אַ טאַטען! איהר זאָלט אָנקוקען בײַ מיר אַ שטוב קײן עין־הרע מיט אַ פּעראָנדיק! אַ שיף אָהן רעדער! טאָג ווי נאַכט אַ טאַרעראַם, אַ האַראַמידער, זאָל גאָט שׁומר ומציל זײַן! אַ ווערטערע אויסצורעדען קײן עין־הרע עלף קינדער פון דרײַ ווײַבער! בּשעת דער טרינקט טעה, עסט יענער אָנבײַסען, און בּשעת איך דאַווען, גלוסט זיך יענעם שלאָפען. דער קנײַפּט אַ בּוזקע, און דער וויל הערינג; דעם גלוסט זיך מילכיג, און דער שרײַט און אײן קול פלײש! און אַז מע וואַשט זיך עסען, איז ערשט דעמאָלט ניטאָ קײן מעסער מיט וואָס אַ שטיקעל ברויט אָבצושנײַדען, און צווישען קלײַנוואַרג איז אַ טומעל, אַ גיהנם, מיט

הריגות, חאטש נעם לויף אין דער וועלט אריין! און איבער וואס? אלץ איבער דעם, הערט איהר, וואס איך האב קיינמאל קיין צייט ניט. און „זי", מיינע הייסט דאס, איז קיין עין־הרע זעהר א גוטע, דאס הייסט ניט אזא גוטע, ווי א ווייבלע, קאן זיך ניט באגעהן מיט קיין קינדער, מיט קינדער דארף מען קאנען זיך באגעהן. קריכען זיי איהר אויפ'ן קאפ, דאס הייסט זי שעלט זיי אפילו, קנייפט זיי, רייסט זיי אויס שטיקער פלייש, נאר וואס קומט ארויס? פארט א מאמע, א מאמע איז ניט קיין טאטע; א טאטע לעגט אנידער און שמייסט אפ א קינד. איך ווייס, אז מיין טאטע האט מיך געשמי־סען, און אפשר האט אייך אייער טאטע אויך געשמיסען? וואס זשע מיינט איהר? איז אז וואויל צו אייך! איך ווייס ניט צו ס'וואלט פאר אייך געווען בעסער, מען זאל אייך ניט געווען שמייסען... וואס חאפט איהר זיך? איך ענדיג באלד.

איך דערצעהל עס אייך ניט אומזיסט; דאס איז צוליעב דעם איהר זאלט פערשטעהן מיין ארט לעבען, וואס איך לעב. אפשר מיינט איהר, אז איך ווייס וויפיעל איך פארמאג? מעגליך, אז איך בין א ייד א נגיד, און מעגליך אז — צווישען אונז וועט עס דאך מסתמא בלייבען? אז איך בין אפשר דערונטער... איך ווייס? אז טאג ווי נאכט איז נאר געלאטעט, ווי זאגט איהר, די טאפלע ארויס־גענומען, יענע טאפלע אריינגעשטעלט, — ס'איז עפעס א תירוץ? צי מען קאן, צי ניט, — נדן א קינד דארף מען געבען? ובפרט נאך אז גאט העלפט טעכטער, און דערוואקסענע דערצו! אגו פרובט האבען דריי טעכטער דערוואקסענע, קיין עין־הרע, אלע אין איין טאג צו דער חופה פיהרען, וועלען מיר זעהן, צי וועט איהר קאנען איינזיצען אין דערהיים אפילו א טאג! היינט פערשטעהט איהר שוין, וואס איז דאס דרעהען וואס מען דרעהט, מיט'ן פליהען וואס מען פליהט? און אז מען פליהט, חאפט מען א פערקיהלונג אין וואג־גאן, א בייזע וועטשערע אויף דער אכסניא, וואס מען קרענקט זיי נאכדעם אויס. היינט די ריחות וואס מען שמעקט זיך אן, מיט דער שע־נער לופט, — מעג מען שוין האבען א מאגען: א שטיקעל גליק נאר וואס איך בין בטבע נישט קיין קראנקער מענש, גוט פערפאונדרע־וועט פון דער יוגענד, קוקט נישט אויף מיין סנאסט, וואס איך בין

אַזױ דאַר און טרוקען; דאָס האָבען מיר די געשעפֿטען אַזױ אױס־געטריקענט, און אַגב איז בײַ אונז טאַקי אַזאַ „גדלע", אַזאַ װאוכס; מיר האַלטען זיך אַלע הױך און דין. איך האָב געהאַט עטליכע ברידער, זענען זײַ אַלע געװעזען אַזױ װי איך מיר צורענגערע יאָהר. פֿון דעסטװעגען בין איך, הערט איהר, תמיד געװעזען אַ געזונטער מענש, נישט געװאוסט פֿון קײן מאָגען און פֿון קײן דאָקטאָר און פֿון קײן שװאַרץ יאָהר, הלואַי װײַטער. נאָר פֿון אַ צײַט אַז ס'האָט מיר אָנגעהױבען שטאָפּען מיט רפואות, פּילען, פּראָשקעס און קרײַ־טער, און איטליכער בעזונדער קומט מיט זײַן המצאָה: דער הײַסט, איך זאָל עסען װאָס װינציגער; און יענער הײַסט, איך זאָל גאָר־ניט עסען, איך זאָל פֿאַסטען הײַסט דאָס, זענט איהר שױן פֿאַרטיג? קומט צו געהן אַ נײַער חכם אַ דאָקטאָר און זאָגט מיר אָן, איך זאָל דוקא עסען און אַ סך! אַ פּנים ער אַלײן האַלט פֿון דער אַכילה? אַלע דאָקטױרים האָבען אַזאַ טבע, אַז דאָס װאָס זײַ האָבען ניט פֿײַנד, דאָס הײַסען זײַ אױך דעם חולה.

אַ חדוש איז מיר נאָר, װאָס זײַ הײַסען ניט שלינגען קײן קערבליך?... משוגע צו װערען פֿון זײַ! אײַנער אַ דאָקטאָר האָט מיר געהײַסען געהן אַ סך, גלאַט געהן אין דער װעלט אַרײַן, שפּאַ־צירען הײַסט דאָס; איז געקומען דער אַנדערער דאָקטאָר און הײַסט מיר ליגען, און געה טרעף װער פֿון זײַ איז מעהר בהמה... װאָס דאַרפֿט איהר אַ סך? אײַנער האָט מיר געהאָדעװעט מיט „ריאַפּעס", כמעט אַ יאָהר כסדר מיט גאָלע ליאַפּעס! איך קום צו'ם אַנדערען, זאָגט ער: „ריאַפּעס? חס־ושלום ליאַפּעס איז פֿאַר אײַך אַ סם המות"! — און ער געהט און פֿערשרײַבט מיר אַ פּראָשעק, אַ געלען פּראָשעק. מסתמא װײַסט איהר װאָס דאָס איז פֿאַר אַ מין פּראָ־שעק? איך קום צו געהן מיט'ן געלען פּראָשעק צו אַ דריטען דאָק־טאָר, חאַפּט ער ניט דעם געלען פּראָשעק און צורײַסט ניט דעם רעצעפּט און פֿערשרײַבט מיר ניט קײן קרײַטער? אָבער װאָס פֿאַר קרײַטער מײַנט איהר? אײדער איך האָב מיר אײַנגעװאױנט, הערט איהר, צו די דאָזיגע קרײַטער, מעגט איהר מיר גלױבען, אַז די גרינגע גאַל האָט זיך מיר איבערגעקעהרט! ס'זאָל איהם אָנגעהן, דעם דאָקטאָר, חאָטש האַלב, װאָס איך פֿלעג איהם אָנװינשען

בשעת איך פלעג זיי דאַרפען איינגעמען אַלע פאַר'ן עסען; איך פלעג מיך זעהן בשעת מעשה מיט'ן מלאַך המות: נאָר וואָס טרינקט ניט אַ מענש צוליעב געזונד?...

צו'ם סוף לאָזט זיך אויס, איך קום צו יענעם דאָקטאָר, צו'ם ערשטען הייסט דאָס, וואָס האָט מיך געהאָדעוועט מיט „ליאַפּעס", און דערצעהל איהם די געשיכטע מיט די ביטערע קרייטער, וואָס פערמאַוטערען מיר דאָס לעבען, ווערט ער מלא רציחה און רופט זיך אָן צו מיר מיט אַ מין כעס, גלייך ווי איך האָב דאָ געקוילעט די קאַפּאָטע: „איך האָב דאָך אייך פערשריבען, זאָגט ער, ליאַפּעס, היינט וואָס לויפט איהר אַרום ווי אַ דולער פון איין דאָקטאָר צו'ם אַנדערען?" זאָג איך: „שאַט-שאַט! איהר זענט דאָך נישט אייגנער אויפ'ן יריד, קיין קאָנטראַקט האָט מען אייך ניט אונטערגעשריבען, און לעבען דאַרף יענער אויך, יענער האָט אויך אַ ווייב און קינ-דער!"... האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען אַ פייער, זאָלט איהר זעהן, גלייך ווי איך האָב איהם דאָ געזאָגט מי יודע וואָס! בקיצור ער האָט מיך געבעטען איך זאָל געהן צו יענעם דאָקטאָר. זאָג איך: „קיין עצות בעדאַרף איך ניט, אַז איך וועל וועלען, קאָן איך אַליין געהן", און נעהם און לעג איהם אַוועק אַ קאַרב. מיינט איהר אפשר, אַז ער האָט דאָס מיר אַ שמיץ געטהון אין פנים? אָבער גאָר לא! קערבלעך האָבען זיי ליעב. אָי האָבען זיי ליעב קערבליך, הערט איהר! אַ סך מעהר ווי מיר, פראָסטע מענשלעך.

זיי זאָלען זיך אַוועקזעצען אַ שטיינער אויסהערען דעם חולה ווי ס'געהער צו זיין — דאָס איז ביי זיי נישטאָ, זיי לאָזען זיך ניט רעדען אַ וואָרט אַנ'איבריגס. אָט בין איך אַ מאָל געוועזען ביי איינעם אַ דאָקטאָר, טאַקי אייערער אַ בעקאַנטער, איך וויל איהם ניט אָנ-רופען ביי'ם נאָמען; איך בין נאָר אַריינגעקומען, נישט אויסגערעדט נאָך קיין צוויי ווערטער, אַהאַ ער הייסט מיר שוין אויסטהון זיך, איך בעט איבער אייער כבוד און איך זאָל מיך אַנידערלעגען אויף דער קושעטקע, וואָס איז? באשר ער וויל מיך אויסהערען. ווילסט מיך אויסהערען? זעהר גוט! הער מיך אויס! וואָסזשע לאָזט דו זיך ניט רעדען? וואָס טויג מיר דאָס טאַפּען וואָס דו טאַפּסט מיך! מיט'ן קלאַפּען וואָס דו קלאַפּסט מיך? ניין, האָט ער אָבער קיין צייט

ניט! עס וואַרטען, זאָגט ער, דאָרט אונטער דער טהיר נאָך מענ־שען, איטליכער מיט זײַן „אָטשערעד״. ס׳איז הײַנט געוואָרען בײַ אײַך אַ מאָדע „אָטשערעד״ ווי להבדיל אויפ׳ן באַהן, אָדער אויף דער פּאָטשט בײַ די מאַרקעס... וואָס? איהר האָט אויך קײן צײַט ניט? בײַ אײַך איז שײן אפשר אויך אַ „אָטשערעד״? איהר זאָגט דאָך נאָך אַ יונגער דאָקטאָר! ווי קומט איהר צו „אָטשערעד״? אַז איהר וועט זיך אָטאַזווי פיהרען, הערט איהר, וועט איהר האָבען עגמת נפש ניט קײן פּראַקטיקע... און אין כּעס בעראַרפּט איהר אויך ניט זײַן, איך האָב נישט געמײנט חלילה אומזיסט, איך בין נישט אַזאַ ייִד, וואָס איך זאָל חס ושלום פערלאַנגען אומזיסט, און חאָטש איהר האָט מיך ניט געוואָלט אויסהערען ביז׳ן סוף, פון דעסטוועגען, אײנס צום אַנדערען געהערט זיך ניט אָן, פאַר׳ן וויזיט בעדאַרף מען אײַך בעצאָהלען... וואָס? איהר ווילט נישט נעהמען?... — וויל איך אײַך מיט געוואַלד ניט נויטען... געוויס האָט איהר פון וואַנען צו לעבען?... מסתמא לעבט איהר פון קופּאָנעס?... עס וואַקסט בײַ אײַך... נו, מהכּתיתי, זאָל אײַך גאָט העלפען, ס׳זאָל בײַ אײַך וואַקסען און וואַקסען... אַדיע! האָט קײן פאַראיבעל ניט טאָמער האָב איך בײַ אײַך צוגענומען צײַט... דערויף זענט איהר דאָך אַ דאָקטאָר...



אברהם רייזען.

# די לעצטע האפנונג.

(עסקיז).

— אז איך זאל װעלען, קאן איך אריינגעהן צו חיים שװארצ־מאן, װאלט ער מיר געװיס געליהען עטליכע רובל, — ער איז מיינער א גוטער בעקאנטער, ער װאלט מיר געװיס, געװיס געליהען, ער איז אנ'ערעכער מאן...

אזוי פלעגט לייזער שטענדיג זאגען אין שטוב, װען עס פלעגט אויסקומען זעהר ענג, װען דער קאלטער װינטער פלעגט זיך פלוצים אונטערוקען און עס איז קיין האלץ ניט געװעזען; װען עס פלעגט א פסח קומען און עס איז אויף קיין מצה ניט געװעזען, װען עס פלעגט א קינד קראנק װערען און עס איז אויף קיין דאקטאר ניט געװעזען...

װען ער פלעגט דאס זאגען, פלעגט ער ניט קוקען די שטוביגע אין פנים אריין. עס האט זיך געדאכט, אז דאס רעדט ער צו זיין בארד, אויף װעלכער ער פלעגט דאמאלס קוקען מיט ישוב הדעת און מיט דרך־ארץ. נאר זיין בארד האט דאס שוין פון איהם עטליכע מאל געהערט און פלעגט ניט נתפעל װערען פון זיין זיכערען טאן. עס האט אויסגעװיזען, אז די בארד האט זיך שוין פון זיין רייכען גביר, זיין בעקענטען, לאנג מיאש געװעזען.

אנדערש אבער האט עס געװירקט אויף לייזער'ס װייב, חאשע, — זי פלעגט אן זיינע װערטער זיך אנחאפען, װי איינער װאס טרינקט זיך, אן א שטרוי, און פלעגט יעדעס מאל איהם דער־רויף ענטפערען:

— דו קאנסט נאר רעדען, טהון קאנסטו גארנישט — האלטסטו טאקי א מאל אריינגעהן צו איהם! אט נעהם, טהו אן די שבת'דיגע קאפאטע און געה אריין.

— ער װאלט געװיס, געװיס געליהען! פלעגט לייזער ארץ

טענה׳ן זײַנס: מיר זענען אַמאָל חברים געווען, ער וואָלט מיר דערקענט!... אַ חדוש, צי וואָלט ער מיר דערקענט! – פֿלעגט שוין לייזער הערן דעם טאָן און אָנהויבן מיט אַן אַנדער ניגון – ווי לאַנג, אַז מיר האָבן זיך ניט געזען, מיינסטו?... עס וועט זײַן סך הכּל אַ...

– טאָ לען טאַקי ניט אָב און גיי שוין אַרײַן, – פֿרעגט דאָס ווײַב איהם ניט לאָזען ענדיגען זײַנע זכרונות: מען פֿאַלט דאָך שוין פֿאַר אַ גראָשען.

– ער וואָלט געוויס געליהען! – פֿלעגט לייזער, אַנשטאָט צו ענטפֿערן חאַשען, אַלץ רעדען צו זײַן באָרד...

עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער געדאַנק, אַז ער וואָלט איהם געוויס געליהען, איז איהם טײַערער ווי דאָס געלד, און ער האָט די ליעבע האָפֿנונג ניט געוואָלט אַזוי גיך פֿערשווענדען פֿאַר עטליכע רובל.

– „זאָל זיך וואַלגערן אַ האָפֿנונג:“ – פֿרעגט ער ווי בעשליעסען אין געדאַנק.

– נו, איז וואָס? דו געהסט, צי ניט? – פֿרעגט דאָס ווײַב טרײַבען איהם.

– לײַהען וואָלט ער געוויס געליהען! – טענה׳ט ער אַלץ זײַנס: נאָר איך וויל ניט געהן. איך האָב נאָך צײַט! אפֿשר ווערען מיר זיך איזטער אַרויסדרעהן אָהן איהם... גאָט וועט העלפֿען...

רעדט און רעדט און ווי עס קומט צו טהון איז גאָרניִשט – שאָקעלט האַסטע מיט׳ן קאָפּ, און איהר געקנייטשט־פּנים ווערט נאָך קנייטשטער, און איהרע פֿערלאָשענע אויגען ווערען פֿערלאָשענער...

נאָר לייזערן פֿליעגט עס ניט אַרען: זי איז אַ יודענע! זי קען ניט פֿערשטעהן, וואָס הייסט עס אַ האָפֿנונג... וואָס וועט זײַן שוין די פּעולה, אַז ער וועט געהן צום בעקענטען און לײַען די עטליכע רובל?... זיי ווערען גלײַך צעשלאָגען ווערען, און ער וועט בלײַבען אָהן געלד און אָהן אַ האָפֿנונג... און אַז עס וועט ווידער קומען זעהר אַן ענגע צײַט – (וועניג ענגע צײַטען האָט ער!) וואָס וועט ער דאַמאָלס טהון?... אָהן אַ שטיקעל האָפֿנונג אפֿילו בלײַבען?... משוגע קען מען ווערען!

— לײַהען אָבער װאָלט ער געװיס געליהען! — ענדיגט ער הויך זײַנע מחשבות און שמײַכעלט.

נאָר דאָס װײַב ענטפערט איהם שוין ניט דאמאָלס. זי װערט ברוגז.

— א נאַרישע יידענע, זי פערשטעהט גאָרניט, גאָרניט — לגמרי גאָרניט... — לאכט ער אין געדאַנק.

* *
*

אזוי זענען פערבײַגעפלויגען פיעל יאָהרען. אין די פיעל יאָהרען זענען פיעל קאַלטע װינטער'ס געװען, װינטער'ס אָהן האָלץ, אָהן װאַרעמע=בגדים, אָהן גאַנצע שיך... אין די פיעל יאָהרען זענען פיעל פסח'ס געװען, װאָס האָבען מצה געפאָדערט, אין די פיעל יאָהרען זענען פיעל מאָל די קינדערלעך קראַנק געװען און האָבען אַ דאָקטאָר געפאָדערט, און עס איז ניט געװען פאַר װאָס צו רופען; אין די פיעל יאָהרען זענען אַ דרײַ קינדער געשטאָרבען און עס איז ניט געװען פאַר װאָס אין קאַלטע קברים'= ליך זײַ אַרײַנלעגען, װײַל קברים'לעך פאַר קינדער קאָסטען אויך געלד — אַלץ האָט געטראָפען אין די פיעל יאָהרען, און לײזער האָט זיך געשטאַרקט און צו זײַן בעקאַנטען גביר אַלץ ניט געגאַנגען. ער האָט נאָר אין יעדער ענגער צײַט געטענה'ט: — לײַהען װאָלט ער געװיס געליהען, נאָר איך װיל נאָך ניט אַרײַנגעהן... זאָל נאָך זײַן... עס װעט צו ניץ קומען אַנ'אַנדערש מאָל...

לייזער, בײַ װעלכען דער בײַזער שונא — דאָס לעבען, האָט אַלץ אַװעקגערויבט, האָט ניט געקאָנט אַזוי גיך אונטערגעבען זיך מיט זײַן לעצטער נחמה, מיט דער האָפנונג, און ביז דעם לעצטען טראָפען בלוט האָט ער זיך פערטהײדיגט פון שונא'ס נעגיל...

* *
*

די לעצטע צײַט אָבער האָט דער שונא איהם מיט שטורם גענומען, און לײזערן איז ענג געװאָרען, אז ער האָט זיך ניט געקענט אַ קעהר טהון. עס האָט זיך דער װינטער אָנגערוקט, אַ קינד איז קראַנק געװאָרען, דאָס אײװעלע איז אײַנגעפאַלען, אַ בעט האָט

זיך צעבראָכען, זיינע שטיוועל האָבען שוין מעהר קיין לאטעס ניט געוואָלט צונעהמען, פון דער טהיר איז די קליאמקע ארויסגעפאלען און פערלאָרען געוואָרען, און די טהיר איז אָפען געווען און אַ ווינד, אַ בייזער ווינד האָט אין שטיבעל אַריינגעבלאָזען... עס האָט אויסגעוויזען, אז די נויט, די אַלטע מאוסע מכשפה, האָט איהם אַנגענומען מיט איהרע דאַרע, קאַלטע הענד, און האָט איהם דער־שטיקען געוואָלט. און ער האָט זיך געריסען פון איהרע אָרעמס, און רייסענדיג זיך אַזוי, האָט ער בעשלאָסען צו געהן צו זיין בעקאַנטען.

— איך געה צו חיים שוואַרצמאַן לייהען עטליכע רובל! — האָט ער געמורמעלט אין שטוב.

נאָר אין זיין שטים האָט שוין ניט געקלונגען יענע זיכערקייט, אַז ער וועט געוויס לייהען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז עפּיס איז דורכ'ן טהיר אַרויסגעפלויגען. דאָס איז די האָפנונג ארויס — זיין איינציג לעצטע האָפנונג...



ש. אַש.

# אַ שבת אין אַ שטעדטיל.

## דער שבת אַרײַנקום

די זון האָט זיך שוין געטוקט אין דעם וואַסער׳ל, וואָס איז אונטער דעם שטעדטיל. און האָט בעגגענדיג געקוקט אויפ׳ן שטעדטיל — דער שבת קומט אָן, זי געהט אַוועק... יונגען, בעל עגלות האָבען זיך פֿלינקער פֿון וואַסער אַהיים געאײַלט, די געוועלבער אין מאַרק זענען אַלע שוין פֿערמאַכט, אָבגעוואַשענע יִדען מיט שבת׳דיגע קאַפּאָטעס לאָזען זיך איבער׳ן מאַרק אין דעם שמאָלען שולגעסיל אַרײַן, פֿאַר ר׳ עוזר ווײַנשענקערס געוועלב שטעהט אַ יִיד אַ שנײַדער מיט אַ געלע באָרד, האַלט עפּעס אונטער דעם אָרעם, און ער קלאַפּט אין טהיר אַרײַן: — „עפֿענט ר׳ עוזר“, פֿון אינעווייניג הערט זיך אַ קול: — „עס איז שוין שפּעט“. די פֿערבײַגעהענדיגע יִדען שאָקלען מיט׳ן קאָפּ אויף דעם געלען שנײַדער, טהײַל ברומען אײַלענדיג זיך: — נישט געקענט פֿריהער קויפֿען! און דער שנײַדער פֿערשעמט זיך, קלאַפּט שטאַרקער אין טהיר: — נו עפֿענט שוין!

צווישען די פֿערמאַכטע געוועלבער ווײַזט זיך אַרויס אין עק מאַרק די אָפֿענע אַפּטײק פֿון דער צווייטער זײַט די אָפֿענע שענק, פֿון וואַנען עס הערט זיך אַ האַרמאָניע שפּיעלען, און די אָפֿענע געוועלבער ווערען עפּעס פֿערשעמט פֿאַר די צוגעמאַכטע יִדישע קרעמלעך, העלדען זענען זיי אין זייער דערוואַכענדיג לעבען.

אין מאַרק בלאָזט אַ לײַכט ווינטעל און דערהויבט דעם שטויב. אין דער לופֿט פֿליהט דורך אַ גרינער, אויסגעטרעטענער בלאַט פֿון שאַלאַטע, אַ שטיקעל פּלים פּאַפּיער, פֿון אײַנ׳אַנגעוויקעלט פֿלעשיל ווײַן; אײניגע ציגען שטעהען און עסען געשמאַק דאָס איבערגעבליבענע גרינס פֿון די „שטעלען“, בײַ דעם ברונען אין מיטען מאַרק שטעהען אַ פּאָר גויים און גויעס נעהמען וואַסער. אין זייער דערוואַכענדיג אויסזעהען מאַכען זיי נעביך, דעם אײַנדרוק פֿון „קנעכט“.

עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט פּלוצים פֿון זייערע געזיכטער די מאַסקעס אַראָבגעריסען: גוים, נישט געשטאַנען אויף'ן באַרג סיני!...

פֿון די שוואַרצע הילצערנע „כּורעים־בּוקענדיגע“ הײַזלעך שײַנען אַרויס די אָנגעצונדענע ליכט און קוקען מיט עפּעס אַ פֿרעהליכע היילינקייט אין מאַרק אַריין, די פֿערהוישליכע הײַזלעך מיט די ליכטיגע שבת'דיגע פֿענסטער זעהען אויס ווי אָרעמע מחותּנים, וואָס קומען אויף אַ חתונה אין צוריסענע בגדים...

אין דער שוהל־גאַס.

פֿון איין זײַט שטעהט די הויכע אַריסטאָקראַטישע שוהל, פֿון די ברייטע פֿענסטער פֿינקלען די ברענענדיגע הענגלײַכטער אַרויס, דעם חזנ'ס לכה־דודי אונטערגעהאַלטען פֿון זעקס משוררים הילעכט אין געסיל, געגענאיבער דער שוהל שטעהט דאָס בעל־הבתישע בית המדרש, פֿון די פֿערשטויבטע פֿענסטער שײַנען זיך די ליכטלעך אַרויס אין דעם שוחט'ס „לכה־דודי“ פֿון בית־המדרש פֿערשעמט זיך פֿאַר'ן חזנ'ס קול. אין טהיר פֿון בית המדרש שטיפּען ווײַסע חברה'־ניקעס אַרום, אורחים שפּאַרען זיך צו דער טהיר, אַז מען זאָל זיי אויף שבת נעהמען.

אין דעם צווייטען האַלבען הויז פֿון בית המדרש וואָהנט דער רב. די פֿרומע רבי'צען שטעקט איהר שבתדיג, צנוע'דיג געזיכט אַרויס — אין די ווײַסע שבת'דיגע הויב—זאָגט עפּיס די גאַס אָן: גוט שבת!

אין די חכידים־שטיבלעך האָט מען שוין מקבל שבת געווען, נאָר מען וואַרט מיט מעריב ביז עס וועט גוט שפּעט ווערען, דער־ווײַל שפּאַצירט דער יונגער עולם אין די אַטלעסענע קאַפּאָטקעלעך אין די זײַדענע גאַרטעלעך אין די גאַס; די דינע פּאות'לעך ציטע־רען אויף די באַקען, און רוקען זיך אַלץ נעהנטער צו, און רײַבען זיך צו אַרום דעם צווייטען רעדעל „חתן־בחורים“, וואָס געהען הינטער זיי שוין פּאַמעליבער, געלאַסענער און קוקען מיט נדרות אויף די „פּריזי־בחורים“, און די חתן־בחורים רוקען זיך אַלץ נעהנטער און רײַבען זיך צו צו דער חברה יונגע־לײַטלעך, וואָס געהען נאָך פּאַ־מעלעכער, נאָך געלאַסענער הינטער זיי. די יונגע־לײַטלעך טראָגען שוין שטרײַמלעך און דערווײַטערן זיך פֿון די „חתן־בחורים“ און

קוקען עפּעס אויף זיי פון דער הויך, מיט רחמנות; נאָך נישט קיין גאַנצע ייִדען.

אויפ'ן צווייטען זייט געסיל, געהען צוערשט עטליכע יונגע מעדלעך מיט רויטע אָבגעוואַשענע פּנים'ר, שוואַרצע שבת'דיגע צעפּ און ווייסע פאַרטוכלעך, זיי געהען געלאַסען, לויפען און קוקען זיך אַלץ הינטער זיך צו דעם רעדעל „כלה־מעדלעך”, וועלכע ווי־לען זיך אַלץ צורייבען צו דעם רעדעל ווייבלעך, וואָס געהען הינ־טער זיי נאָך פּאַוואָליער, נאָך געלאַסענער. די לעצטע טראָגען טיפע שייטלען, מיט נייע שלאָפּראָקען; זיי האַלטען די קעפּ פּערריסען אין דער הויך און קוקען מיט גדלות אויף די כלה־מעדלעך, וואָס געהען פאָראויס פאַר זיי און שטעלען זיך אַלע מאָל אָב ווי וואַר־טענדיג אויף עפּעס...

און אַ טונקעלער שאָטען הילט שוין דאָס שטעדטיל איין און ער לאָזט זיך אַוועק ווייט, און ייִדען געהען פון שוהל, פון בית המדרש אַהיים, נאָך טהייל שלעפּט זיך אַ אורח מיט, און זיי געהען זיך אַהיים, רוהיג, שבת'דיג.



## ו. מ. דאָראָשעָוויטש.

# „אֵלִיָהוּ הַנָבִיא".

פרײַ איבערגעארבײט פֿון שלום־עליכם.

אײַנמאָל האָט זיך אליהו הנביא אראָבגעלאָזען אויף דער ערד, זיך פֿערשטעלט פֿאַר אַ פּראָסטען אָרעמאַן, געקומען אין אַ שטעדטעל און אָנגעקלאַפּט צו אַ געמײַנעם בעל־הבית:

– איך בין מיעד און געהע אוים פֿון הונגער! לאָזט מיך אַרײַן!

האָט איהם דער געמײַנער בעל־הבית געעפֿענט און אַרײַנגע־לאָזט.

– שלום עליכם! זעצט זיך צו'ם טיש! וועט איהר עסען מיט אונז אינאײַנעם.

און איטליכער האָט איהם אָבגעגעבען אַ שטיקעל פֿון זײַן חלק, און דער אָרעמאַן האָט פֿערביסען.

נאָכ'ן עסען, האָט דער עולם געענומען בענטשען מזומן. אַז ס'איז געקומען צו'ם „הרחמן הוא ישלח לנו את אליהו הנביא זכור לטוב", האָבען אַלע געזאָגט, און דער אורח ניט, איז דאָס געוועזען אַ חדוש.

– פֿאַרוואָס האָט איהר ניט געזאָגט „הרחמן"?

האָט זיך דער אורח צעלאַכט און רופֿט זיך אָן צו'ם בעל־הבית:

– אידר ווייסט ווער איז אײַער אורח?

– פֿון וואַנען זאָלען מיר וויסען? אַן'אָרעמאַן זעהען מיר אַז איהר זענט.

– זאָלט איהר וויסען, אַז איך בין – אליהו הנביא.

איז דער בעל־הבית איהם געפֿאַלען צו די פֿיס און האָט זיך אָנגערופֿען צו'ם אורח מיט טרערען אויף די אויגען.

פֿאַרוואָס קומט מיר אַזאַ כבוד? וויִנציג גבירים, גרויסע לײַט

פֿאַרהאַן אויף דער וועלט? פֿאַרהאַן אַ רב ר׳ יוזיפֿיל בײַ אונז אין שטעדטיל, און אַ גבאי רב אהרן, און אַ נגיד רב משה. און דו גּעטליכער מענש, האָסט אויסגעקליבען מיך, דעם אָרעמסטען פֿון די בעלי בתּים. דאַנק איך דיר, גרויסער נביא!

און דער געמײנער בעל־הבית האָט איהם אַ קוש געטהון אין עק מאַנטיל, און מען האָט זיך געזעגט שלאָפֿען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך דער בעל־הבית געקאַטשעט פֿון איין זײַט אויף דער אַנדערער, נישט געקאָנט אַנשלאָפֿען ווערען. ער האָט עפּעס אַלץ געקלערט און געקלערט. און אויך אויף מאָרגען איז ער אַ גאַנצען טאָג אַרומגעגאַנגען אין מחשבות׳ן און כּמעט גאָרנישט געגעסען. ער האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטען און רופֿט זיך אָן צו׳ם אורח:

— האָב קײן פֿעראיבעל ניט, גרויסער נביא, איך וויל דיך עפּעס פֿרעגען.

— פֿרעג, זאָגט צו איהם אליהו הנביא.

— ס׳איז מיר אַ חדוש און איך קען דאָס ניט פֿערשטעהן — זאָגט דער בעל־הבית — סטײַטש, ס׳איז פֿאַרהאַן אַזוי פֿיעל גבירים אַזוי פֿיעל גרויסע לײַט אויף דער וועלט; פֿאַרהאַן בײַ אונז אין שטעדטיל, אַ רב ר׳ יוזיפֿיל, אַ גבאי רב אהרן און אַ נגיד רב משה, וואָס דער רבי אַליין שטעלט זיך בײַ איהם אָב, אַז ער קומט צופֿאָהרען. דאָרטען וואָלט מען דיך מסתּמא אַ ביסעל שענער אויפֿגענומען ווי בײַ מיר, און צום סוף ביזט דו געקומען צו מיר, צו אַ געמײנעם בעל־הבית. נישט אַנדערש אַז איך בעדאַרף בײַ דיר זײַן אָנגעלײגט.

האָט אליהו הנביא אַ שמײכעל געטהון און געזאָגט:

— יאָ, דו ביזט בײַ מיר אָנגעלײגט.

און דער בעל־הבית האָט זיך אַזש צעלאַכט פֿאַר פֿרייד.

— אַזוי בין איך בײַ דיר הײסט דאָס יאָ אָנגעלײגט?

קײנמאָל האָט זיך דער בעל־הבית אַזוי גוט ניט געפֿיהלט ווי יענעם טאָג. פֿאַרנאַכט רופֿט ער זיך אָן צו אליהו הנביא׳ן:

— איך דאַרף דיר אליהו הנביא, עפּעס זאָגען.

— זאָג, מײַן קינד, מאַכט צו איהם אליהו הנביא — זאָג.

— אַ פּנים אַז איך בין בײַ דיר שטאַרק אָנגעלײַנט, וואָס דו ביזט צו מיר געקומען? האַ?

— יאָ, מאַכט צו איהם אליהו הנביא.

— באַרעכען זיך — זאָגט ווײַטער דער בעל־הבית — פֿאַרהאַן בײַ אונז אַ רב ר׳ יוזיפֿיל און שטעדטיל, אַ גבאי ר׳ אהרן! אַ נגיד רב משה, וואָס וואָלט געמאַכט פֿון דײַנעטוועגען די גרעסטע סעודה און בעלײַנט דיך אויפֿ׳ן שענסטען געלעגער, נעהמסטו און קומסט צו מיר, צו אַ געמײַנעם בעל־הבית. די משמעות, אַז איך בין בײַ דיר אָנגעלעגט, שטאַרק אָנגעלעגט, אַ יאָ איך בין בײַ דיר שטאַרק אָנגעלעגט?

יאָ יאָ — זאָגט איהם אליהו הנביא און שמײַכעלט.

— נײַן, דו זאָג מיר בעסער אַקוראַט, אַז איך בין בײַ דיר שטאַרק אָנגעלעגט! וואָס ענטפֿערסט דו מיר אַלע מאָל „יאָ“ און „יאָ“? דו זאָג מיר, ווי אַזוי בין איך בײַ דיר אָנגעלעגט?

— זעהר, זעהר אָנגעלעגט! — זאָגט איהם אַליהו הנביא מיט אַ נעלעכטער.

— אָבער טאַקי אָנגעלעגט וואָס אָנגעלעגט הייסט?

— שטאַרק, שטאַרק אָנגעלעגט! — זאָגט אליהו הנביא

— נו איז גוט. אצונד קום שלאָפֿען.

אויף מאָרגען איז אונזער בעל־הבית אויפֿגעשטאַנען נאָך פֿרעהליכער ווי נעכטען. אַ גאַנצען טאָג אַרומגעגאַנגען און געזונגען. פֿאַרנאַכט, נאָכ׳ן עסען, טהוט ער אַ זעץ אליהו הנביא׳ן איבער דער קניהע און מאַכט צו איהם אַזוי:

— הערסט, דו אליהו, איך מײַן, אַז דיר בעדאַרף זײַן שטאַרק אָנגעלעגט דאָס, וואָס איך בין בײַ דיר אָנגעלעגט? וואָס? זאָג נאָר דעם אמת, איאָ ס׳איז בײַ דיר אָנגעלעגט, אליהו?

— זעהר אָנגעלעגט! — ענטפֿערט איהם אליהו הנביא מיט אַ שמײַכעל.

— אַ חדוש אַביסעל! — זאָגט דער בעל־הבית — איך ווײס דאָס פֿון זיך זעלבער; בײַ מיר אַפֿילו אַ הינטעל, אַז סע געפֿעלט מיר, בין איך מיט דעם צופֿריעדען. איז דאָך יענץ אַ הונד, און איך בין איך! דאָס בין איך, און דאָס ביזט דו, אליהו! איך שטעל מיר פֿאָר ווי

דו ביזט צופריעדען, בשעת דו קוקסט אויף מיר; דו זעהסט פאַר זיך אַ מענשען, וואָס ער איז ביי דיר אַזוי אָנגעלעגט! דו וואַקסט, מיין איך, אין דער ברייט; איאָ, אליהו, דו וואַקסט?

— איך וואַקס, איך וואַקס — זאָגט צו איהם אליהו הנביא — נאָר לאָמיר געהן שלאָפען.

— ווילסט שלאָפען? לאָמיר געהן שלאָפען, ביי מיר האָסט דו געפּוּעל׳ט.

אויף מאָרגען איז אונזער בעל־הבית געווען שוין ניט אַזוי פרעהליך ווי פריהער.

— וואָס ביזט דו אַזוי אומעטיג? — פרעגט איהם אליהו הנביא.

— איך טראַכט אַלץ — מאַכט דער בעל־הבית — איך טראַכט, וואָס וואָלסט דו געטהון אַ שטייגער, כדומה למשל, ווען איך בין ניטאָ אויף דער וועלט?

— וואָס הייסט, וואָס וואָלט איך געטהון? — מאַכט צו איהם אליהו הנביא פערוואונדערט.

— וואָס וואָלסט דו געטהון כדומה למשל אָהן מיר? זעהסט, וואָס אין דרויסען טהוט זיך? אַ ווינט מיט אַ קעלט און דער רעגען שמייסט. וואוהין וואָלסט דו אַ שטייגער אַריינגעגאַנגען? וואָלסט דאָרטען דערפרוירען געוואָרען אויף דער נעץ און אויף דער קעלט! און אַצינד זיצסט דו זיך אין דער וואַרעם און אין דער טריקעניש, עסט און טרינקסט, וואָס פעהלט דיר? און אַלץ איבער וואָס? איבער דעם, וואָס האָט זיך געפונען איין מענש אויף דער וועלט, וואָס איז ביי דיר אָנגעלעגט, און וואָס דו האָסט געקאָנט צו איהם אַריינגעהן. ביזט אַ גליקליכער מענש, אליהו, וואָס איך בין דאָ אויף דער וועלט, ביזט כ׳רעבען, איינער אַ גליקליכער! הערסט דו, אֶלי, וואָס איך זאָג דיר? ביזט אַ מוצלח, ווי איך בין אַ ייד!

מעהר האָט שוין אליהו הנביא ניט געקאָנט אַריבערטראָגען, האָט ער זיך צעלאַכט און איז געלם געוואָרען.

אַז אליהו הנביא איז נעלם געוואָרען, איז אויף דעם אָרט וואו ער איז געזעסען, געבליבען אַ קופּע גאָלד; דאָרט איז געווען בלא גוזמא אַ פּאָר טויזענד שטיק גאָלדענע רענדליך.

דערזעהען אַזוי פיעל גאָלד, איז די בעל־הבית׳טע שיער ניט

געפּאַרען חכשות. זי האָט געגעבען אַ פּליעסק מיט די הענד און אויסגעשריגען אויף אַ קול:

— אוי, אַ דונער איז מיר! איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען! זעה נאָר וויפיעל געלד! איך וועל טיר נאָר אַ מעשה אָנטהון!

— שאַ, זעה נאָר ווי זי פּירדערט אַביסעל! — מאַכט דער בעל־הבית, צעהלט איבער די רענדליך, טהוט אַ סמאָרע מיט דער נאָז און מאַכט מיט אַ וואָלעדיגער מינע: — ווייס איך, ס'איז גאָרניט אַזאַ סך! אַ יידינע — באַלד ווערט זי נתפּעל!...



אַנטאָן טשעכאָוו.

# ווי אַ טשינאָווניק איז געשטאָרבען.

אין איינעם אַ שענעם אָווענד איז דער נישט-ווענינער שענער עקזעקוטאָר איוואַן דמיטריטש טשערוויאַקאָוו געזעסען אין טעאַטער אין דער צווייטער רייהע שטוהלען און געקוקט דורכ'ן בינאָקל אויף די סצענע, וואו מען האָט פאָרגעשטעלט „די קאָרנע-ווילער גלאָקען". ער האָט געקוקט און זיך געפיהלט העכסט גליק-ליך. אָבער פּלוצלונג... אין ערצעהלונגען בעגעגענט מען זעהר אָפט דאָס דאָזיגע „אָבער פּלוצלונג". די אויטאָרען זענען גערעכט: דאָס לעבען איז אַזוי פול מיט אונגעריכטע אונגליקען. אָבער פּלוצלונג, הייכט עס, האָט זיך זיין געזיכט איינגעקנייטשט, די אויגען האָבען זיך האַלב פערמאַכט, דער אָטהעם איז פערהאַלטען געוואָרען... ער האָט אָבגעריסען די אויגען פון בינאָקל, זיך איינגעבויגען און... אַפּשיק!!! פּשוט, ווי איהר זעהט, אַ ניעס געטהון. ניעסען איז קיי-נעם אין ערגעץ נישט פערבאָטען. עס ניעסען אי פּויערן, אי פּאָליצ-מייסטערן, און אַמאָל זאָגאַר געהיים-ראַטען. אַלע ניעסען. טשער-וויאַקאָוו איז גאָרנישט צעמישט געוואָרען, ער האָט זיך נאָר אָבגעווישט מיט'ן נאָז-טיכעל און אַזוי ווי אַ העפליכער מענש האָט ער זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך: צי האָט ער נישט עמיצען בעאונ-רוהיגט מיט זיין ניעסען? אָבער איצט איז איהם שוין אויסגעקומען צעמישט צו ווערען. ער האָט דערזעהן, אַז אַן אַלטער מאַן, וואָס איז געזעסען פאַר איהם אין דער ערשטער רייהע שטוהלען, האָט זאָרגפעלטיג אָבגעווישט זיין פּליך און זיין האַלז מיט זיין האַנדשוה און עפּעס געמורמעלט. אינ'ם אַלטען האָט טשערוויאַקאָוו דער-קאָנט דעם שטאַטס-גענעראַל בריזשאַלאָוו, וועלכער האָט גע-דיענט אין דער פערקעהרס-ווייעדאָמסטוואָ.

„איך האָב איהם בעשפּריצט! — האָט טשערוויאַקאָוו אַ קלער געטהון. — אַפילו נישט מיין נאַטשאַלניק, אַ פרעמדער. אָבער דאָך עפּיס נישט שעהן. מען מוז איהם איבערבעטען".

טשערוויאַקאָוו האָט אַהוסט געטהון, זיך אָנגערוקט מיט'ן קערפּער פאָרווערטס און האָט דעם גענעראַל געזאָגט שטיל אויפ'ן אויער:

– ענטשולדיגט, וואַשע=סטוואָ, איך האָב אייך בעשפּריצט... איך האָב נישט אומישנע...

– נו, נו, ס'איז גאָרנישט... גאָרנישט...

– אום גאָטעס ווילען, ענטשולדיגט. איך האָב דאָך... איך האָב נישט געוואָלט!

– אַח, זיצט בעסער, איך בעט אייך! לאָזט הערען!

טשערוויאַקאָוו האָט זיך פערשעמט, נאַריש אַ שמייכעל געטהון און האָט אָנגעהויבען קוקען אויף די סצענע. ער האָט גע= קוקט, אָבער גליקליך האָט ער זיך שוין נישט געפיהלט. אונרוהע האָט איהם אָנגעהויבען פּייניגען. בשעת'ן אַנטראַקט איז ער צוגע= גאַנגען צו בריזשאַלאָוו'ן, זיך אַביסעל אַרומגעדרעהט אַרום איהם, און ענדליך בייגעקומען זיין שעמעוודיגקייט און האָט אַ מור= מעל געטהון:

– איך האָב אייך בעשפּריצט, וואַשע=סטוואָ. ענטשולדיגט... איך האָב דאָך... דאָך הייסט נישט...

– אַח, לאָזט שוין צורוה... איך האָב שוין לאַנג פערגעסען, און איהר קומט נאָך אַלץ מיט דאָס זעלבע! – האָט דער גענעראַל געזאָגט און אונגעדולדיג אָנגעהויבען בעוועגען זיין אונטערשטע ליפּ.

„פערגעסען און די אויגען פינקלען אַזוי פון כעס, – האָט טשערוויאַקאָוו אַקלער געטהון, אַלס ער האָט מיט חשד אַ קוק געטהון אויפ'ן גענעראַל. – אַפילו רעדען וויל ער נישט. מען וואָלט איהם געדאַרפט ערקלערען, אַז איך האָב גאָרנישט געוואָלט... אַז דאָס איז אַ נאַטור=געזעץ, אַז נישט, קאָן ער נאָך מיינען, אַז איך האָב געוואָלט אַ שפּיי טהון, וועט ער איצט נישט מיינען, וועט ער עס שפּעטער אַמאָל מיינען!...“

אַלס ער איז געקומען אַהיים, האָט טשערוויאַקאָוו דער= צעהלט זיין פרוי וועגען זיין גראָבקייט. זיין פרוי, האָט זיך איהם געדוכט, האָט צו לייכטזיניג געקוקט אויף די זאַך; זי איז נאָר דער= שראָקען געוואָרען, אָבער דערנאָך, אַלס זי האָט זיך דערוואוסט,

אַז ברִיזשאַלאָוו איז אַ „פּרעמרעך", האָט זי זיך בערוהיגט.

— פונדעסטוועגען טרעט אָב צו אִיהם און בעט איהם איבער,— האָט זי געזאָגט, ער קאָן נאָך מיינען, אַז דו ווייסט נישט ווי זיך צווישען מענשען צו האַלטען!

— אָט דאָס טאַקי קלער איך דאָך! איך האָב איהם איבער־געבעטען, אָבער ער האָט עפּעס מאָדנע... כ'האָב קיין איין רעכטען וואָרט נישט געזאָגט. און ס'איז טאַקי נישט געווען וועגן צו רעדען.

אויפ'ן צומאָרגענס האָט טשערוויאַקאָוו אָנגעטהון זיין נייעם וויץ־מונדיר, זיך געלאָזט אָבשערען און איז געגאַנגען צו ברִיזשאַלאָוו'ן ערקלערען... אַלס ער איז אַריינגעגאַנגען אין גענעראַלס עמפּפאַנגס־צימער, האָט ער דאָרט דערזעהן פיעל מענ־שען, וואָס זענען געקומען מיט ביטעס, און צווישען זיי טאַקי דעם גענעראַל אַליין, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבען אָננעהמען די ביטעס. אַלס ער האָט אויסגעהערט עטליכע בעטערס, האָט דער גענעראַל אויפגעהויבען די אויגען אויך אויף טשערוויאַקאָוו'ן.

— נעכטען אין טעאַטער, אויב איהר געדענקט נאָך, וואַשע־סטוואָ, — האָט דער טשינאָווניק אָנגעהויבען „דאָקלאַדעוועןעו": — האָב איך בְּמְחִילה אַ ניעס געטהון און... נישט אומישנע בעשפריצט... ענטש...

— ס'אַ נאַרישקייטען... איין גאָט ווייסט! וואָס ווינשט איהר — האָט דער גענעראַל זיך געווענדעט צו'ם צווייטען בעטער.

אַפילו רעדען וויל ער נישט! — האָט טשערוויאַקאָוו אַ קלער געטהון און איז בלייך געוואָרען. — הייסט עס, ער איז אין כַּעַס... ניין, דאָס טאָר מען נישט אַזוי לאָזען... איך וועל איהם ערקלערען..."

אַלס דער גענעראַל האָט געענדיגט דאָס געשפּרעך מיט'ן לעצטען בעטער און האָט זיך געלאָזט געהן אין זיינע אינערע אַפּאַרטאַמענטען, האָט זיך טשערוויאַקאָוו אַלאָז געטהון צו איהם און האָט אָנגעהויבען מורמלען:

— וואַשע־סטוואָ! אויב איך וואַג מיך צו בעאונרוהיגען וואַשע־סטוואָ, איז דאָס טאַקי נאָר, קאָן מען זאָגען, פון חרטה־געפיהל!... נישט אומישנע, קאָן איך אייך פערזיכערן!

דער גענעראַל האָט געמאַכט אַ ווײַנענדיגע מינע אויפֿ׳ן געזיכט און האָט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד.

— איהר מאַכט פשוט חוזק, ליעבסטער הערר! — האָט ער געזאָגט און איז פֿערשוואונדען געוואָרען הינטערן טהיר.

„וואָס פֿאַר אַ חוזק־מאַכען האָט ער דאָ? — האָט טשערוויאַקאָוו אַ קלער געטהון. — דאָ איז גאָר נישטאָ קיין חוזק־מאַכען! אַ גענעראַל, און קאָן דאָך נישט פֿערשטעהן! אויב אַזוי, וועל איך שוין מעהר נישט געהן זיך ענטשולדיגען פֿאַר אַזאַ פֿאַרשען מענשען! חאַפּט איהם דער טײַוועל! איך וועל איהם אָנשרײַבען אַ בריעף, אָבער געהן וועל איך נישט מעהר! בנאמנות, איך געה נישט מעהר!“

אַזוי האָט טשערוויאַקאָוו געקלערט, אַלס ער איז געגאַנגען אַהײם. קײן בריעף צו׳ם גענעראַל האָט ער נישט געשריבען. ער האָט געקלערט, געקלערט און בשום אופֿן נישט געקאָנט אויסקלערען ווי צו שרײַבען. עס איז איהם נישט געבליבען קײן אַנדער עצה ווי אויף צו מאָרגענס נאָך אַ מאָל אַרײַנגעהן ערקלערען...

— איך בין נעכטען געקומען צו בעאונרוהיגען וואַשע־סטוואָ, — האָט ער אָנגעהויבען מורמלען, אַלס דער גענעראַל האָט אויפגעהויבען אויף איהם פֿרעגענדע אויגען: — נישט אום חוזק צו מאַכען, ווי איהר איז געוועזען בעליעבט זיך אויסצודריקען. איך האָב מיך ענטשולדיגט דערפֿאַר, וואָס מיט מײַן ניעסען האָב איך במחילה אַ שפריץ געטהון... און חוזק מאַכען האָב איך גאָרנישט געקלערט... צי דען וועל איך וואַגען זיך חוזק מאַכען? אויב מיר וועלען חוזק מאַכען, וועט דאָך דאַן, הײסט עס, קײן עהרע צו די פּערזאָנען... נישט זײַן...

— פּאַשאָל וואָן!! — האָט פּלוצלונג אַ געשרײ געטהון דער גענעראַל, וואָס איז אַזש בלוי געוואָרען און האָט אָנגעהויבען זיך טרײַסלען פֿון כעס.

— ווי? — האָט שטילערהײד געפֿרעגט טשערוויאַקאָוו, וועלכער איז ווי פֿערשטײנערט געוואָרען פֿון שרעק.

— פּאַשאָל וואָן!! — האָט דער גענעראַל ווידערהאָלט און האָט אַ טופּע געטהון מיט די פֿיס.

אין טשערוויאַקאָוו׳ס בויך האָט זיך עפּעס אָבגעריסען.

ניִשט זעהענדיג און ניִשט הערענדיג מעהר קיין זאך, האט ער זיך געלאזט צו׳ם טהיר, איז ארויסגעגאנגען אויפ׳ן גאס און איז גע־קראכען ווי א צעמישטער... אלס ער איז מעכאניש געקומען אהיים, האט ער ניִשט אויסגעטהון דעם וויץ־מונדיר, נאר זיך גלייך געלעגט אויפ׳ן דיוואן און איז... געשטארבען.



ש. אַדלער.

# עס רעגענט.

(צוויי בילדער).

## I.

## די מאַדאַם בלום.

ווי ליעב, ווי מחיה'דיג וואַרעם אין ליכטיג איז דער טאָג! דער הימעל בלוי און קלאָר, ליגט פרעכטיג אויסגעשפּרייט איבער דער שטאָדט, הויך און טיעף; דאַכט זיך, אַנ'אונענדליכער תהום. לייכטענדיג, קייקעלט זיך די אָנגעגליהטע זון און שטעלט און בראָט מיט איהרע ברענענדיגע שטראַהלען.

נעבען פענסטער, ביי די אַראָבגעלאָזענע פאָרהאַנגען, שטעהט די מאַדאַם בלום אין אַ לייכטען, וויים-דורכזיכטיגען חאַלאַט, די ברוסט ווייט דעקאָלטירט און די אַזוי אויך קורצע אַרבּעל טיעף ביז איבער די עלענבויגען פערקאַשערט... ווייס, ווי שנעע, רונד אויס-געפילט, קרעפטיג זענען די דאָזיגע צוויי הענד און די, אויף-און-אָב זיך בעוועגענדע נאַקעטע ברוסט... אַ גליקליכע, צופריעדענע מינע איז אויסגעגאָסען אויף איהר ליכטיג פולען פנים, וואָס קוקט אַרויס, ווי איינגעראַהמט אין אַ חן'עוודיגע ראַהם פון טונקעל-קאַשטאַנאָווע, אין אונאָרדנונג, נאַכלעסיג צעוואָרפענע האָר... מיט איין האַנד הויבט זי קוים-קוים אויף דעם ברעג פון אַראָבגעלאָזענעם פאָרהאַנג, און איהרע פערזשמורעטע אויגען קוקען אָנגעשטרענגט דורך דעם פענסטער אַרויס.

— ווי הייס ... ווי דומפּפיג!... — מורמלען איהרע ליפען, — ס'זאָל נאָר ביי נאַכט ניט רעגנען!...

אַ שענעם געשטאַלט מאָהלט זיך אין איהר פאַנטאַזיע. צוויי טיעפע שוואַרצע אויגען קוקען פון ערגעץ אויף איהר אַזוי ליעבליך, געטריי און גוט... אַזוי זיס-וואַרעם ווערט איהר אין האַרצען... אַ

וואַרעמע ווייכע האַנד דריקט איהר פעסט־פעסט די האַנד, דריקט זי אָהן אויפהער און ציהט זי אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו זיך... אַ פּאָר רויזיגע זאַפטיגע ליפּען בעריהרען איהרע ליפּען און, ווי כשופ׳דיג מורמלען זיי:

— אום צעהן אַ זייגער... הינטען אין גאָרטען... אין בלומענ־שטיבעל... אַלץ איז דאָרט גרין... פריש... עס שמעקט מיט תענוג... מיט נחת... מיט בשמים איז די לופט אָנגעזאַפּט... דאָס גראָז, די בלומען, די צווייגען, זיי מורמלען אַלערליי סודות... פון לעבען, פון גליק... קום היינט אַהין, מיין טייערע!...

אַ געהיימער, היילינער שוידער, ווי אַנ׳עלעקטרישער שטראָם, לויפט איהר איבער אַלע גליעדער דורך.

— יאָ, לעאָן: היינט אום צעהנע... שעפּטשען, ווי אַנ׳עכאָ אויך איהרע ליפּען.

אַ צווייטעס געשטאַלט ערשיינט פאַר איהר! איהר גראָב־ביי־כינער מאַן סאַלאָמאָן בלום מיט זיינע אונפריינדליכע אויגען, מיט זיין הויכען גערונצעלטען שטערען און קרעפּטיגע, מיט שאַרפע האָר בעוואַכסענע מאָרדע.

— אָראַנגאוטאַנג!... פוי!... בלאָזט זי מיט פעראַכטונג פון זיך...

---

## 2.

# די וועשין.

אין אַ קליין הייזעל הינטער דער שטאָדט.

איבער דער באַליע געבויגען שטעהט זי און איהרע מאָזאָ־ליסטע הענד בעוועגען זיך אָהן אויפהער, רייבענדיג און דרעהענ־דיג די ברודיגע וועש. בלויע, מיט בלוט אָנגעגאָסענע אָדערען ציהען זיך אין דער גאַנצער לענג פון דיזע אויסגעאַרבייטע הענד. דאָס פנים איהר׳ס איז לענגליך שפּיציג, און איבער די באַקען שטאַרצען אַרויס די ביינער, ווי צוויי שאַרפע שפּיצען. מיט אונרו־היגע אויגען קוקט זי, דאָ אויף די נאַסע וועש, דאָ אויפ׳ן אָפּע־

נעם פענסטער, דורך וועלכען עס רייסט זיך אריין א שטראם פרישע לופט. איהר ברוסט בעוועגט זיך שווער-אטהמענדיג און סטארענדיג זיך, וואס מעהר פון דיעזען שטראם לופט צו חאפען.

אנ'אונענדליכע לאנקע גרינט זיך פון וויטען, ציהט זיך וויט-וויט, ביז עפעס א בארג. דער בארג איז דונקעל-גרעל, מיט זאנגען בעדעקט. פויערען מיט שיקסעס, קליין, ווי די מוראשקעס, גריבלען זיך דארט, צווישען די זאנגען, שניידען מיט זייערע לאנגע קאסעס און קרומע סערפען די צייטיגע תבואה. הילכיג קלינגען זייערע מעלכטיגע רויהע שטימען אין דער אנגעגליהטער לופט... יעדעס מאל בליצט אויף דא אדער דארט זייער'ס א מעסער, גיט ווי א שנייד אין אויג געגען דער זון, אזש דאס אויג נעהמט וועה טהון... פון אנ'אנדער זייט ליגט ברייט און גרויס, דאכט זיך גאר אהן א ברעג, דער טייך... רוהיג פליוסקען זיך די חוואליעלעך ביי'ם ברעג, קלאפענדיג און גלעטענדיג די נאסע שטיינדערעך. נאר אין איין זייט איז דער טייך ניט רוהיג, דארט שטעהט א וואסער-מיהל. מיט כעס דרעהט זיך אלע מאל איבער די גרויסע שפיציגע האלצערנע ראד, מיטשלעפענדיג מיט זיך מיליאנען טראפען וואסער. מיט רציחה קומט צולויפען א שטראם וואסער, ווארפט זיך ארויף אויף דעם אונגעהייערען ריעז, וויל איהם, דאכט זיך אין שטיקער צוטראגען: אבער קאלט, אנגעבראזען, בעז דרעהט זיך דער דאזיגער ריעז איבער איין מאל, צוויי מאל און אין שטיקלעך ווערט דער שונא צוריבען און מיעד, דערשלאגען, אהן כח, שוימט זי זיך וויטער, די חוואליע, מיט בענקעניש דערמאנענדיג זיך, אז דארט, ערגעץ הינטען, ויעט נאך לאנג-לאנג אנגעהן דער אונאויפהערליכער קאמפף צווישען איהרע חבר'טעס מיט דעם אונגעהייערען הערצלאזען, קאלט-בלוטיגען שונא...

שוואך אבזיפצענדיג הויבט ענדליך די וועשין אויף איהר איינגעבויגענעם גוף פון איבער דער באליע, געהט לאנגזאם צו צום פענסטערעל און פערקוקט זיך אויף די זייטע כשוף-בילדער.

— ווי היים, ווי דומפיג! — מורמלען איהרע ליפען, — ס'זאל נאר ניט רעגענען... אזוי פיעל וועש... און מארגען מוז אלעס געפרעסט ווערען...

* *
*

שווער אונערטרעגליך דומפיג איז אלץ מעהר און מעהר די לופט געווארען... עס איז שווער געוועזען צו אטהעמען... פון מעריב זייט האבען זיך אנגעהויבען בעוועגען רייטע וואלקענדרעך און לאנג־זאם מארשירט געגען דער אנגעגליהטער, מידער זון... וואס א מאל זענען זיי אלץ גרעסער געווארען, די וואלקענדלעך, טונקעלער, שווערער... אלע צוזאמען, ווי אבגערעדט, האבען זיי אנגעטרעטען אויף דער זון, א פאר מאל האבען זיי זי איינגעשלונגען, אבער נאך א שווערען קאמפף האט די זון זיך דאך ווידער דורכגעשלא־גען א וועג און איז ווייטער געשוואומען. צום סוף אבער, איז זי שוין ניט מעהר בכח געוועזען זיך צו ראנגלען און, ווי אהן כח, איז זי פערשלונגען געווארען אין דעם בלייערנעם ים פון די אנגערוקטע חמארעס... און די חמארעס האבען זיך דערוויל אלץ מעהר און מעהר אויסגעשפרייט און טונקעל־גראה איז געווארען דער הימעל, ווי מיט טרויער איבערגעצויגען, און שווערע טראפען האבען אנ־געהויבען טריפען ווי טרעהרען, פון דעם וויינענדיגען הימעל, אויף דעם גורל פון דער צו־פריה־פערגאנגענער זון...

און פון צוויי פענסטער האבען איינזאם צוויי פערשידענע פרויען־קעפ ארויסגעקוקט... א ים טרויער איז אין ביידענס אויגען געוועזען אויסגעגאסען... מיט צובראכענע הערצער האבען זיי לאנג געקוקט אויף די פאלענדע גרויסע טראפען רעגען און זיי האט זיך געדוכט, אז יעדער טראפען פאלט צו זיי גלייך אין הארצען אריין און, ווי פייערדיגע פונקען זיי דארט געברענט און געבראטען...

— לעאן... פערצייהע מיר, לעאן! — האט איינע געקרעכצט — אזא גוס... ווי קען איך דען היינט קומען?...

— די וועש... וואס טהוט מען מיט די וועש? — האט די צווייטע געיאמערט. — מיין הארעוואניע... ע־עך גאטעניו!... ארימע פרויען!...

און דער רעגען האט געגאסען און געגאסען.



יקיר ווארשאַווסקי.

# פֿון בײדע זײַטען גרענעץ.

אײנער אַקעגען דעם אַנדערען ליגען זײ די בײדע ברעגעס און קוקען זיך אָן. נאָר דער שמאָלער פּאַס פֿון װײַכסעל צעשײדט זײ פֿאַנאַנדער.

די בײדע ברעגעס זענען צװײ פֿערשידענע לענדער: די זײַט װײַכסעל געהערט צו פּױלען און די צװײטע זײַט — צו גאַליציען.

און געשטעלט זענען פֿון בײדע צדדים שומרים, ס׳זאָל זיך חס־ושלום קײנער נישט אַדורך גנב׳נען די גרענעץ — די װײַכסעל.

אָבער די נאַטירליכע גרענעץ אַלײן, די װײַכסעל, װײסט נישט פֿון די אַלע געזעצען און הױכען אַמט, װאָס מען האָט אױף איהר אַרױפֿגעלײגט, און זי פֿליסט פּאַמעלעך, צעקלאַפּט זיך און צעקושט זיך מיט די בײדע ברעגעס צוזאַמען; זי װײס קײן אונטערשיעד.

אױך דער הימעל, װאָס הענגט איבער דער גרענעץ, װײסט נישט פֿון די נײַע געזעצען: ער הױבט זיך אױף פֿון דער זײַט ערד און צעשפּרײט זיך װײַט װײַט און לאָזט זיך אַראָב צו דער ערד פֿון דער אַנדערער זײַט; אױך די פֿײגעלעך, זײ פּישטשען און זינגען אױף יענער זײַט גרענעץ און זײערע זיסע, צאַרטע טרעלען צעגיסען זיך אױף דער זײַט, און װערען פֿערשװאונדען אין אַ װײַטע עכאָ אױף די בײדע ברעגעס אינאײנעם.

פֿון דערװײַטענס זעהען זיך די קלײנע הײַזלעך מיט די רױט־געפֿאַרבטע דעכלעך, װאָס שטעהען אױף יענער זײַט װײַכסעל; די רױטע פֿאַרב פֿינקעלט, גלאַנצט װי די שטראַהלען פֿון דער זון, װאָס שטעהט פּונקט אין דערמיט װײַכסעל, די הײַזלעך זענען אײנגעטונקען אין אַ מאַסע בײמלעך און גראָזען, און פֿון די קױמענס שלאָגט אַ לײַכטער רױך, װאָס הױבט זיך העכער, העכער און װערט פֿערשװאונדען אין דער לופֿט.

אַז די זון, דער ברען־קוגעל צעגיסט זיך אױף יענער זײַט אין אַ העליש־רױט פֿײַער, שפּיגעלט זיך אָב דער הימערשער־פֿײַער־

דינעֶר ים אין דעֶם רעֶק פֿון דעֶר ווייַכסעֶל, און די אויבעֶרפֿלעֶכעֶ צעֶשפּיעֶרט זיך דאַן אין ברעֶנעֶנדיגעֶ פֿלאַמעֶן, און די וועֶלעֶן צעֶבריזגעֶן אין צעֶשיטעֶן מיליאָנעֶן גין־גאָלדעֶנעֶ פֿלעֶמלעֶך; דאַן ווען די זון געֶהט אינגאַנצעֶן אונטעֶר, ווערעֶן די בוימעֶר, הייַזעֶר, די ווייַכסעֶל מיט די גרעֶנעֶץ־שומרים צוזאַמעֶן אויסגעֶמישט אין איין שטיק און איינגעֶהילט אין איין ריינעֶם דורכזיכטיגעֶן נעֶבעֶל.

און אַלעֶס פֿון יעֶנעֶר זייַט ווינקט און לאַכט צו דעֶר זייַט, די שויבעֶן פֿון די פֿעֶנסטעֶר, די שטיקלעֶך גלאָז, וואָס ליגעֶן צעֶוואָרפֿעֶן אויפֿ׳ן פֿעֶלד, און די קאָסעֶס און אַקעֶר־אייַזעֶנס פֿון די פּויעֶרעֶן, וואָס בעֶאַרבייטעֶן די עֶרד — אַלעֶס פֿלאַמט, שפּריצט מיט מיליאָנעֶן גאָלדעֶנעֶ שפּיזלעֶך פֿייַעֶר און זיי רייצעֶן און זיי ווינקעֶן...

---

אין אויך צוויי יונגעֶ העֶרצעֶר ווילעֶן נישט וויסעֶן פֿון די אָבגעֶטיילטעֶ גרעֶנעֶצעֶן; עֶר וואוינט אויף דעֶר זייַט, זי — אויף יעֶנעֶר זייַט און דאָך זייעֶרעֶ העֶרצעֶר קלאַפּעֶן שטעֶנדיג צוזאַמעֶן און ציהעֶן און רייַסעֶן זיך, דאָס — אַהין און יעֶנץ — אַהעֶר...

און גאַנצעֶ טעֶג און גאַנצעֶ נעֶכט זיצט עֶר אויף דעֶר זייַט ברעֶג און העֶרט זיך איין, און קוקט צו איהר הייַזעֶל, וואָס שטעֶהט אויף יעֶנעֶר זייַט ברעֶג.

און ווען עֶר זעֶהט אַ פֿייַעֶרל, וואָס איז אייַנגעֶפֿאַסט אין דעֶר פֿינסטעֶרניש פֿון דעֶר נאַכט ווייסט עֶר, אַז דאָס ברעֶנט דאָס לעֶמפּעֶל אויפֿ׳ן טיש פֿון איהר קליין צימעֶרל; און אַז אין דעֶר פֿריה טהוט איהר פֿעֶנסטעֶרל גלאַנצעֶן און שעֶמירירעֶן, ווייסט עֶר, אַז דאָס האָט די ליעֶבעֶ פֿריהלינגס־זון איהר דעֶם עֶרשטעֶן שטראַהל געֶשאָנקעֶן, וואָס האָט אויף איהר בעֶטל געֶטאַנצט, און זי אין שטעֶרעֶן געֶקושט; און אַז אַ קלינגעֶנדעֶ זילבעֶרנעֶ שטימעֶ העֶרט זיך פֿון יעֶנעֶר זייַט — ווייסט עֶר, אַז דאָס זינגט זי, דאָס מעֶדעֶלעֶ מיט איהר צאַרט חנו׳דיג העֶלזעֶלעֶ.

און אַז די נאַכט קומט אָן און הילט איין אַלעֶס אין אַ דונקעֶל׳ן געֶבעֶל און וויעֶגט איין אַלעֶס אין קיהלעֶ, לייַכטעֶ שאָטעֶנס; ווען פֿון אַלעֶס וואָס איז אויף בייַדעֶ ברעֶגעֶס ווייַכסעֶל און אויף די ווייַכסעֶל זעֶלבסט. ווערט איין שוואַרץ שטיק; ווען די לייַכטעֶ

נעבעלדיגע ווײַכסער־וועלען הײבען אָן שעפּטשען, גודערן, סודען און פּליסקען אָן די ברעגעס — ווײסט ער, אַז דאָס ברענגען זײ איהם אַ גרוס פֿון איהר ...

און לאַנג, זעהר לאַנג, שטעהט ער דאָן און הערט זיך אײַן צו דעם פּליעסקערײַ און קושערײַ פֿון די וועלען, און הײסע זודיגע טראָפּענס־טרעהרען פֿון גליק און בענקשאַפֿט רינען פֿון זײַנע מידע גישט־דערשלאָפֿענע אויגען, פֿאַלען אין וואַסער אַרײַן און מישען זיך אויס מיט די צאַרטע קושען פֿון די קיהלע שאָטענדיגע ווײַכ־סער־וועלען ...



## יעקב שטיינבערג.

# ליעבע.

חיים בראָנשטיין, — א יונגער מאַן פון אַ יאָהר ציוויי און צוואַנ־ציג, וואָס האָט נישט לאַנג בעקומען אַ גוטע שטעלע אין וואַרשע, פאַר זעלציג רובל אַ מאָנאַט, — זיצט ביי זיך אין׳ם קליינעם צימע־רעל, וואָס ער פערנעהמט איינער אַליין, און טרינקט טהע. דאָס צימערעל איז שמאָל און לאַנג, נאָר בראָנשטיין׳ס גוטע שטימונג הערשט אויך ביי איהם אין דירה. אויף די וועגד, אויף וועלכע עס זענען אנגעקלעבט אַנזיכטס־קאַרטען, אויפ׳ן קליינעם טישעל, וואו עס שטעהט אַ פיינער שרייב־געצייג און עס ליגען אַ פּאָר ביכער. אויף דעם זעלבען טישעל שטעהט אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ מעדעל.

אַלמי אַ זייגער אין אָוונד. בראָנשטיין טרינקט פאַמעלעך די טהע, בייסט צו, הערט זיך איין ווי עס פייפט דער ווינד אין דרויסען, און טראַכט בשעת־מעשה, אַז ס׳איז גאַנץ גוט, וואָס ער האָט בעקומען אַ דירה אין דעם זעלבען הויף, וואו זיין קאַנטאָר איז. — די בעסטע און די וויכטיגסטע זאַך איז אַ פיין, וואַרם צימער, — טראַכט ווייטער בראָנשטיין, — ווי גוט וואָלט געווען, איך זאָל זיין אין איין שטאָדט מיט מאַשאַ׳ן. מיר וואָלטען איצט געזעסען ביי מיר אין דער וואַרם, געלייענט און געקושט זיך. וואָס וואָלט אונז אָבגע־גאַנגען?...

בראָנשטיין שטעלט אַוועק די גלאָז טהע, נעהמט אין האַנד דאָס פאָטאָגראַפיע־בילד, קוקט זיך איין אין דעם אַ ווייל און נאָכ־דעם גיט ער אַ לאַנגען קוש דאָס קאַלטע גלאָז, וואָס דעקט צו דאָס בילד. נאָך גריקליכער ווי פריהער ענדיגט ער איצט טרינקען די טהע. פערראויכערט אַ פאַפּיראָס, דרעהט זיך אַביסעל אַרום איבער׳ן צימער און זעצט זיך צוריק אַוועק ביי׳ם טיש. ער געהט שרייבען אַ בריעף דער געליעבטער זיינער, מאַשאַ׳ן.

מאַשאַ איז אַ בלאָנדע, חנעוודיגע מעדעל, וואָס האָט תמימות־דיגע ליכטיגע אויגען. איהר פאָטער איז אַ פערמעגליכער בעל־הבית,

און פערליעבט האט זי זיך אין בראנשטײן'ען דערפאר, וואס ער איז א שענער און אנ'„ארטיסטער". איצט פערנעהמט זיך בראנשטײן זעהר וועניג מיט אמאליגע זאכען, — מיט פערזאמלונגען, — נאר מאשא'ס ליעבע צו איהם איז נאך שטארקער ווי א מאל. אזוי זע־נען מערלעך.

בראנשטײן רוקט צו צו זיך דאס פאפיער. נעהמט די פעדער אין האנד, און הויבט אן צו שרייבען:

„טײערע"!

„איך שרייב דיר אין מײן ליעבען, ליכטיגען, ווארעמען צי־מער, נאך דער ארבײט. זיצענדיג אין מײן שענעם צימער, יעדען איינעם, נעהם איך דײן בילד אין האנד און קוק לאנג, לאנג אויף דעם. מיך נעהמט ארום אזא שטארקע, שטארקע בענקשאפט. מיר ווײזט זיך אויס, אז ווען דו זאלסט איצט זײן מיט מיר צוזאמען, מײן טײערע מײן געליעבטע"— —

מען קלאפט אן אין טהיר פון'ם צימער.

— אריין! — זאגט בראנשטײן און דרעהט זיך אויס צו דער טהיר. דארט זעהט ער דעם שווארצען, צושויבערטען קאפ פון'ם דיענסטמעדעל.

— איהר ועט טרינקען נאך א גלאז טהע? — פרעגט דער קאפ.

בראנשטײן דרעהט די פעדער אין דער האנד און ענטפערט:

— לאז זײן נאך א גלאז טהע...

אז די טהיר פערמאכט זיך, שרײבט בראנשטײן ווײטער:

„מײן געליעבטע, וואלט איך דיר געגעבען אזא גרויס, גרויס גליק. איך ווײס, אז דו האסט מיך ליעב, און איצט וואלסטו גע־ווען אין גאנצען, אין גאנצען מײנע, און איך וואלט געוועןאין גאנצען דײנער".

דאס דיענסטמעדעל קלאפט ווידער אן און שטעלט אוועק נעבען בראנשטײן'ען א גלאז טהע. בראנשטײן לעגט אוועק די פע־דער און גיט א קוק אויפ'ן מעדעל. דאס מעדעל בלײבט שטעהן און פרעגט:

— וועמען שרײבען זיי, א כלה?

— נײן, וואס עפעס צו א כלה? איך האב נאך נישט קײן כלה.

בראָנשטיין ווייסט אַליין נישט, פֿאַרוואָס ער ענטפֿערט אַזוי.

— דער העררר נאַרט מיך, — זאָגט דאָס מערעל. זי איז רויט, זוי זי שעמט זיך, און שמייכעלט.

— פֿאַרוואָס נאַר איך אייך עפּעס? — פֿרעגט בראָנשטיין און לאָזט נישט אַראָב די אויגען פֿון דער מערעל׳ס רויטע באַקען.

וואָס, איך פֿערשטעהע נישט, אָט אַ די... — ווייזט דאָס מערעל אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע.

— דאָס איז מיינע אַ שוועסטער, — זאָגט בראָנשטיין אַליינען. — איהר גלויבט נישט?

בראָנשטיין לעגט איהר אַרויף די הענד אויף איהרע פּלייצעס.

— איך גלויב... פֿאַרוואָס זאָל איך נישט גלויבען? וואָס וויל דער העררר?... שוין אַ וואָך אַז דער העררר איז דאָ און האָט זיך געפֿיהרט פֿיין... וואָס וויל דער העררר איצט?...

בראָנשטיין גיט איהר אַ קוק אין די אויגען און זעהט, אַז זי האָט די גאַנצע וואָך געוואַרט אויף דעם, וואָס דער הער וויל איצט. אין קאָפּ לויפֿט איהם דורך אַגעדאַנק: „וואָס טהו איך״? און מאַשאַ?..." און כדי צו דערשלאָגען דעם געדאַנק, פֿעהמט ער גיך און גראָב אַרום דאָס מערעל.

ביי בראָנשטיינ׳ען אין קאָפּ קלאַפּט ווידער דער געדאַנק: „און מאַשאַ?״ — און דערפֿאַר גיט ער אָהן טענות דאָס מערעל אַ הויב אין דער לופֿט...

נאָר איצט רייסט זיך דאָס מערעל אַרויס פֿון זיינע הענד. לויפֿט אַוועק און בלייבט שטעהן ביי דער טהיר. זי מאַכט צורעכט די האָר, קוקט אָהן כעס אויף בראָנשטיינ׳ען, און אַז זי געהט אַרויס, שמייכעלט זי און פֿרעגט:

— איהר דאַרפֿט מעהר גאָרנישט?...

בראָנשטיין ענטפֿערט נישט.

אַז דאָס מערעל געהט אַרויס, דרעהט זיך בראָנשטיין אַרום אַ לאַנגע ווײַלע איבער׳ן צימער. דאָס בלוט קלאַפּט איהם אין די שלייפֿען, און ער טראַכט גאָרנישט. אַז די קאָפּ ווערט איהם אַביסעל גרינגער, געהט ער צו צום טיש, נעהמט טרינקען די צווייטע גלאָז טהיי און קוקט אויף מאַשאַ׳ס בילד, אַז ער טרינקט אויס די

גלאז טהע, פערראוויכערט בראנשטיין וויעדער א פאפיראס, זעצט זיך, רוקט צו צו זיך דאס פאפיער, נעהמט די פעדער אין האנד און שרייבט ווייטער:

„איך האב אין מיטען איבערגעריסען מיין בריעף צו דיר: מען האט מיר געשטערט. איצט בין איך וויעדער אליין, איך מיט דיין בילד, און מיר ווייזט זיך אויס, אז נישט דיין טוידטעס, שטומעס בילד שטעהט ביי מיר אויפ׳ן טיש, נאר דו אליין, א לעבעדיגע, קוקסט מיר אריין אין נשמה מיט שענע גוטע ליכטיגע אויגען".

„איך קוק אויף דיין בילד און שרייב. און מיר ווילט זיך דיר שרייבען אהן אנ׳עק, שרייבען, שרייבען".

און בראנשטיין שרייבט און שרייבט. אז ער ענדיגט, שטעהט ער אויף, פער׳חתמ׳עט דעם בריעף, קוקט אויף מאשא׳ס בילד, און זיין געזיכט איז א גליקליכעס. ווי פריהער, גיט ער איצט אויך א קוש דאס קאלטע גלאז, וואס דעקט צו דאס פאטאגראפיע — בילד.

בראנשטיין טהוט אן דעם מאנטעל און געהט אריינווארפען דעם בריעף.



בעל־יאוש.

# אַ ראָמאַן אין פיער טייל.

## ערשטער טייל.

טאָג ווי נאַכט האָט ער וועגען איהר געטרוימט, נאַכט ביי נאַכט איז זיין שלאָף געשטערט געוואָרען. פאַר זיינע אויגען האָט נאָר איהר שען הימלישעס געשטאַלט געשוועבט, זיין מח איז אויסגע־לערט געוואָרען מיט נאָר איין געדאַנק און טרוים; ער ליעבט זי מיט זיין גאַנצעס לייב און זעלע...

דערזעהן האָט ער איהר דאָס ערשטע מאָל — אויף דער „בערזע", דורך וואַנען ס'פלעגט איהם אויסקומען דורכצוגעהן יעדען פאַרנאַכט. זי איז געגאַנגען מיט צוויי יונגע לייט „חברים". זיינע בליקען האָבען זיך דאַן מיט איהרע בעגעגענט; ער איז שטאַרק ענטציקט געוואָרען, און אין זיין האַרץ האָט זיך צופלאַמט אַ הייסע, שטאַרק־ברענענדע „ליעבע" צו איהר...

---

## צווייטער טייל.

יעדען פאַרנאַכט האָט ער עטליכע שעה אויף דער „בערזע" שפּאַציערט. ביסלעכווייז — בעקאַנטשאַפט געשלאָסען מיט די „חברים", און ביסלעכווייז — שוין פאַר אַ „פאַרטיי־מאַן" פערדרעכענט געוואָרען און בעטייליגט זיך אין זייערע פערזאַמלונגען און „דיסקוסיעס". ענד־ליך... האָט ער אויך מיט „איהר" בעקאַנטשאַפט געשלאָסען, און שעה'ן לאַנג מיט איהר פערבראַכט. ער האָט מיט איהר וועגען די „הויכע אידעאַלען און שטרעבונגען" געשפראָכען, זעלטען ווען פלעגט צווישען זיי אויסברעכען הייסע פייער־ברענענדע „דיסקוסיעס", ווען זי פלעגט זיך שאַרף צוהיצען און מיט די הייסעסטע ווערטער פרו־בירען איהם איבערציינגען אין דער וואַרהייט פון איהרע „אידעאַלען".— נאָר אין אַזעלכע מאָמענטען פלעגט ער באַלד ווערען ווייך און נאָכגיעביג...

... ניט לאַנג האָט געדויערט, און ער האָט פאַר איהר זיין הארץ געעפענט... און איהר ליעבע ערקלערט...
זי האָט געשמייכעלט...

---

## דריטער טהייל.

טאָג ווי נאַכט האָט ער וועגען גליקליכען „ציעל" געטרוימט און מיט יעדען טאָג, וואָס איז פערשוואונדען, האָט ער זיך אַלץ גליקליכער געפיהלט, נעהנטער צום „ציעל" זיך גערעכענט...

---

## פיערטער טהייל.

איינמאָל פאַרנאַכט האָט ער מיט אַ „חבר" אַרומשפאַצירט אויף דער „בער.ע". זיי האָבען וועגען פערשיעדענעס געשפראָכען, וועגען פערשיעדענע רעוואָלוציאָנערע „העלדען" געשמועסט, דער „חבר" האָט אויסגעשריען מיט ענטציקונג:

— „אָ! דער הייסט אַנ'אמת'ער „העלד"!

— ווער?

— דאָס מכלמר'שטע „פרייליין", מיט וועלכען דו שפאַציערסט אום אַזוי אָפט...

— אַ העלד!? — ער האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגען און אָנגעקוקט דעם „חבר" פערוואונדערט...

— וואָס דען? אַוודאי אַ „העלד"! — אַ קלייניגקייט, ער איז ענטלאָפען פון קאַטאָרגע, און זיך „איבערגעטהון" אין קליידער פון אַ „פרויענצימער"...

— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —



## מענדעלי מוכר ספרים.

# שבת=צו=נאכטיגע פאליטיק.

(א בילד פון פערצייטען).

ס'איז ווינטער, שבת=צו=נאכט, נאך הבדלה. אויפ'ן „רוטש=ניק" אונטערען קיימענדיל ברענט פרעהליך א פייעריל, וואס פון צייט צו צייט ווערט עס אונטערגעהאלטען מיט דינע טרוקענע שפענדליך. דעם פייעריל א קעגען, ביי א טיש, צוגערוקט צו דער ווארימער הרובע, זיצט דאס הויזגעזינד; א שכנה פון דער צווייטער שטוב, פול מיט נייעס ווי א פויק, איז אויך דא; מען ווארפט זיך איבער מיט א ווארט און מען פליקט פעדערען, און דערביי טאקי לייענט איינער פון די קינדער פאר די מעשה פון יוסף הצדיק מיט די ברידער אויף עברי טייטש; מען האט הנאה — מען וואונדערט זיך אויף די גבורות פון יהודה: פון זיינס א געשריי ווערט שיעור נישט א תל פון גאנץ מצרים! די קאץ זיצט זיך צושארענדיג צו'ם אויבען, לעקט א לאפקעלע, מאלט מיט די אויערלעך און האט, ווי עס זעהט אויס, אויך הנאה. אין אויוועןן הייצט זיך, עס קאכט זיך וועטשערע. נאר קודם כל זידט דארט א טעפעל קארטאפליעס אויף איבערצוכאפען דערווייל. רבי חיים געהט הין און צוריק אי=בער דער שטוב, נאך אין דער שבת'דיגער קאפאטע און זינגט זיך „אליהו הנביא" מיט גרויס געפיהל. און ווי ער לאזט אויס דעם סוף „במהרה יבוא אלינו" — גיך און באלד קומט ער צו אונז, עפענט זיך די טהיר, און לייטישע מענשען פונ'ם שטעדטיל קומען ארײן — א גוטע וואך, א גוט יאהר!

און דאס פערשטעהט זיך אליין, אז לייטישע מענשען גיבען איינער דעם אנדערען אב כבוד ביי'ם אריינקומען, האלטענדיג א שעה אפען די טהיר אפילו ווינטער, נאר אומצוקומען דערווייל אין שטוב פאר קעלט, אזוי אויך ביי'ם זעצען זיך. ס'איז אוועק היבש צייט אין רוקעניש, אין ווינקעניש, אין בעטעניש, פראנטענ=

דיג זיך דערווייל דער יענעם אונטער די פּים, ביז די לייטישע מענשען האבען זיך לסוף אויסגעזעצט. שרה איז מלבּד די געסט נאר פריינדליך מיט טרינקען „שפּעציעס”—מיני קרייטעכער,˜ וואס א כפּרה פאר זיי טהע—און מיט שטיקלעך קאנדעלצוקער, וואס א כפּרה דערפאר היינטיגער צוקער... מען זיצט זיך, מען בלאזט און מען טרינקט. איינער פערדרייכערט זיך די פּיפּקע—א פארצעלייען רוקלעכע מיט א זילבערען דעקעל און א לאנגען געפלאכטענעם צי-בעך. א פאר הוסטען זיך אויס, טאפען זיך ביי די נעז, ביי די בערד און עס הויבט זיך אן א שמועס. אהין אהער, דאס אביסעל, יענץ אביסעל, ביז מען קומט ארויף לסוף אויף אזא מין שמועס:

— אח-חא-חא, די גזירה פון די קליידער איז דאך טאקי א מיאוסע זאך!—מאכען אלע מיט א זיפץ—יידען זאלען זיך אנטהון דייטש! א קארטוז מיט א דאשעק!... ס'איז דאך עפּעס משונה א שרעק! און געוואלד צו וואס, רבונו של עולם, צו וואס?!... וואס קען „זיי” דארט, זיי, וואס קען ארויסקומען דערפון, אז יידען וועי רען זיך שוין יא אנטהון דייטש?... עס מוז דאך זיין עפּעס אלץ מיט א גאנג.

— מען שמועסט, דרינען שטעקט א שפּיצעל—רופט זיך אן מיט א קנייטשעלע יענער, פונ'ם פּיפּקעלע פארציהענדיג זיך שטארק און ארויסלאזענדיג פונ'ם מויל רינגעלעך רויך—וואקסען זאל עס נאר וואקסען... פון וועמען מיינט איהר?—פון מאנטיפיורען.

— גאט איז מיט אייך, רבי בער! וואס רעדט איהר?

— אט דאס, וואס איהר הערט. אבער רבי ברוך הלל'ס מעג מען גלויבען? ער קומט ערשט פון די יריד'ען און האט דארט מיט זיינע אייגענע אויערען...

— איך האב אויך עפּעס אזוינס געהערט—פאלט אריין אין די רעד א ריהרעוודיגער, צאפּלדיגער ייד, פערביסענדיג א ליפּ—הא, ווארט נאר ווארט, וואס האב איך געהערט?

— שלאגט נישט איבער, ר' יוסל—מאכט דער עולם—שא!... אנו, ר' בער?

— מען שמועסט, הייסט עס—הויבט אן רבי בער געלאסען, פּאמעלעך און קייעט איטליכעס ווארט, ביז ער ברענגט עס ארויס

פון מויל — אָט וואָס: אַז מאָנטיפיורע האָט געזעהן ס'איז פע... איז ער געקומען מיט אַזאַ מין פּראָיעקט: אַדוני מלך, זאָגט ער, פערקויף מיר דיינע יידען. איך וועל געבען פאַר זיי אַזוי פיעל און אַזוי פיעל מיליאָן.

— הונדערט טויזענד, האָב איך געהערט, הונדערט טויזענד מיליאָן! — פאַלט רבי יוסל ווייטער אַריין אין די רעד. געמיינט נישט אַזוי די סומע געלד, ווי אַרויסצוווייזען דאָ דעם עולם, אַז ער ווייסט אויך וואָס טהוט זיך אויף דער וועלט נישט ערגער פון אַנדערע.

— מילאָ וואָס מאַכט עס — טהוט רבי בער אַ זאָג, פערדרעהענדיג מיט דער נאָז, און דערצעהלט ווייטער — „מהיכא תיתי"! ענטפערט דער מלכות בקיצור, מען מאַכט טאַקי באַלד אַ תקיעת־כף, און מאָנטיפיורע גיט דערווייל אַנ'אַ דערויף.

— חלילה, הונדערט טויזענד מיליאָן באַלד טאַקי, באַלד במזומנים — צעשאָקעלט זיך רבי יוסל, ווי ביי'ם שפּאַרען זיך מיט עמיצען איבער אַ שטיקעל גמרא.

— אי, זייט־זשע מוחל. רבי יוסל, שאַ! — בעטען איהם אַלע מחילה, ער זאָל שווייגען.

— בקיצור ער גיט דערווייל אַנ'אַדעראָף — דערצעהלט רבי בער ווייטער, רוהיג געלאַסען, נישט מאַכענדיג זיך אויס רבי יוסיל'ס רייד — והמותר איז ער זיך מתחייב סילק'ען צום טערמין ביי'ם נעהמען די סחורה, די יידען היים דאָס. דערמיט איז מען זיך צוגאַנגען: „זיי געזונד — פאָהר געזונד!" נאָך אָנבייסען געהט זיך דער מלכות, ווי דער שטייגער איז, אין סענאַט און איז שטאַרק אויפגערעגט. — „אַדוני מלך", פרעגט איהם דער מיניסטער, „וואָס איז די מעשה, וואָס דו ביסט היינט אַזוי אויפגערעגט? — „אַזוי און אַזוי", — ענטפערט דער מלכות מיט אַ שמייכעלע, — געמאַכט אַ געשעפטעל, פאַר אַזויפיל און אַזויפיל פערקויפט היינט מיינע יודלעך".

„אדוני מלך"! — טהוט זיך אַ חאַפּ דער מיניסטער זעהר דערשראָקען, „וואָס האָסטו געטהון? ס'איז אַ מקח טעות!..." און באַלד טאַקי פיהרט ער איהם אַרויס פון די קאַנטאָרסקע ביי'ן אַ קלאָהרען חשבון, אַז דאָס פּראָצענט, וואָס אַזאַ סחורה, י י ד ע ן הייסט עס, טראָגט איין אין אַ געוויסען צייט יאָהרען, טרעפט הערט־הערט מיט

אַ שמיצעל אַריבער דעם מקח פֿאַר דער גאַנצער סחורה. — „וואָס זשע טהוט מען?—מאַכט דער מלך. „גערעדט איז דאָך גערעדט און פֿון אַ מלכות אַ וואָרט איז דאָך אַ גזירה אַדרבה זאָג, האָסט דאָך אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער, פֿאַל עפּעס אויף אַ סברה?!" „אַדוני מלך"!— רופֿט זיך דער מיניסטער אָן, נאָכדעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט, — „ס'איז דאָ אַנ'עצה. — גיב אַרויס אַבעפֿעהל, אָבער טאַקי באַלד, יידען זאָלען זיך אָנטהון דײַטש".

„גראַם — שטראַם" — מאַכט דער מלכות — „וואָס איז דאָס שײַך מיט דערמיט?" — ס'איז יאָ שייך!" — זאָגט דער מיניסטער האַלב עפּעס אויפֿ'ן וואונק — „ווי באַלד דײַטש איז דאָך שוין, פֿערשטעהסטו מיך, גאָר עפּעס אַנדערש..." —

„אַ אַ, שכל'דיג" — גיט זיך דער מלכות אַ האַפּ, — דו ביזט ווערט אַ גאָלדענעם מענדאַל!" — הערט זשע, רבותי, דעם שפּיטץ— מאַכט רבי בער נעהמענדיג זיך אויסרײַניגען מיט אַ דרעטעלע דאָס פּיפּקעלע פֿונ'ם אַש — אַקוראַט צום טערמין קומט מסתמא מאַנטיפֿיורע...

— נײַן, נישט אַזוי, ער קומט נישט, ער לאָזט פֿריהער מעלדען — קאָן זיך רבי יוסיל נישט אײַנהאַלטען, צעשאָקעלט זיך און פֿאַלט ווידער אַרײַן אין די רעד.

— שאַ, זײַט=זשע מוחל! האַלט זיך אײַן אַ ווײַלע און שלאָגט נישט איבער, רבי יוסיל! — בעט דער עולם, וואָס איז זעהר טשיקאַווע צוהערען דעם סוף — נו, רבי בער, נו — נו?!...

— קומט ער, הײסט עס — הײבט רבי בער אָן ווײַטער דעם שמועס, ציהענדיג די ווערטער ווי יענעם אויף צולהכעיס און שמאַכּענדיג פֿאַר הנאה — קומט ער, אַזוי ווי איך זאָג אײַך דאָ, צו'ם טערמין און מאַכט כּהאַי לישנא: אַדוני מלך! נאַ דאָס מותר געלד און לאָמיך, כּפי השליש=צעטעל, נעהמען די סחורה — יידען הײסט עס —. „אָך", מאַכט דער מלכות, „מהיכא תיתי... נעה דיר, זײַ מוחל, אין וואו דו וועסט דערזעהן אַ יידען, נעהם דיר איהם, בשם אלהי ישראל, די סחורה דײַנע"... מאַנטיפֿיורע לאָזט זיך לאַנג נישט בעטען און געהט. ער געהט אין אײן שטאָדט — נישטאָ, נאָך אין אַ שטאָדט — נישטאָ. בקיצור אין בּרדיטשוב — אויך נישטאָ.

קיין סימן נישטאָ פֿון אַ יידען. אלע יידען זענען אָנגעטהון דייטש־דייטשען!

— אָיואַ, אָוואַ! - מאַכט דער עולם פֿערוואונדערט - אַזוי, זאָגט איהר, אַזוי שמועסט די וועלט?

— עט! — מאַכט רבי חיים מיט אַ שמייכעלע, — נישט תמיד איז אמת, וואָס טראָגט זיך אַרום אין דער וועלט. ס'איז זיך אַ מְמְרָא...

— אַזוי, צי אַזוי, דערווייל איז שָׁפֵל — זאָגט דער עולם מיט אַ קרעכץ — די גזירה איז דאָך טאַקי אַ גזירה! מילאָ די קאַפּאָטע איז יאַק די קאַפּאָטע, וועט מען אין איהר מאַכען אַ האַק, דער גוטער יאָהר וועט איהר נישט נעהמען מיט אַ שפּאַלט פֿון הינטען אויך, אָבער אַ קאַרטוז — רבונו של עולם אַ קאַרטוז!... רבי חיים, פֿאַלט עפּיס אויף אַנ'עצה, האַ, וואָס טראַכט איהר רבי חיים?...

• • • • • • • • • • • • • • • •



## שלום עליכם.

# בערדיטשעווער שרפות.

– באם! באם!! באם!!!

– עס נעצט! עס נעצט!! עס נעצט!!!

איך חאפּ זיך דערשראָקען אַרויס פון בעט און גנעה צו צו׳ם פענסטער: איין האַלבער הימעל איז רויט ווי אַ פייער, די אַנדערע האַלבע איז חשך! איין האַלבע שטאָדט איז משונה מאָדנע בעלויכ־טען, די אַנדערע האַלבע שטאָדט איז פערזונקען אין אַ מורא׳דיג פינסטערניש. איך חאַפּ אויף זיך דאָס אָנטהון און לויף אַרויס אין דרויסען אַרויס. עס ראָזט זיך הערען פון דער ווייטען אַ מאָדנע געשריי, אַ היקך אַהן ווערטער, און מענשען ציהען זיך אַהינצו שלע־פעריג, געהען און גענעצען און ציטערען פאַר קעלט, און דער־צעהלען איינס דעם אַנדערען נסים ונפלאות, ווער עס האָט פּרי־הער דערהערט און ווי אַזוי ער האָט דערהערט, און זיך משַבּר איטליכער בעזונדער, ווער דאָס ברענט – דער זאָגט: „ס׳איז יוסיל״, דער זאָגט: „ס׳איז משה״, דער זאָגט: „ס׳איז ניט יוסיל און ניט משה, ס׳איז גאָר שרה זיסיל״.

– ווי קומט אַהער שרה זיסיל? – שפּאַרט איהם איבער נאָך איינער – אַז שרה זיסיל׳ס שטוב איז אויף דער יאָרדינע, און דאָס איז גאָר אויף דער אַלטער שטאָדט?

– ס׳איז אַזוי אויף דער אַלטער שטאָדט, ווי איך בין אַ רביצין! – ענטפערט איהם נאָך איינער – זעהסט ניט אַז ס׳איז נעבען ידער באָד?

– שאַ, וואָס דאַרפט איהר זיך שפּאַרען? – גלייכט זיי אויס נאָך איינער, אַמעהר קומט אַהין, ווועלען מיר וויסען אַקוראַט!

זיי געהען, און איך נעה זיך נאָך און הער מיך צו וואָס מען רעדט.

– עמיצער האָט שוין דאָ געמאַכט „בורא מאורי האש״...

— וואָס איז די ראיה?

— מחמת ס'איז געווען געסטראַלירט.

— פון וואַנען ווייסטו?

— וואָס דען? ס'זאָל ניט זיין סטראַלירט, וואָלט ניט גע־ברענט. אַ שטוב ברענט ניט פון זיך אַליין...

— וואָס זאָגסטו, יענקיל, ווי שען עס ברענט, מחיה נפשות!

ווי אַ הַבְדָלָה ברענט אַ שטיבעל, וואַרפט אַרויס עטליכע שטאַרק רויטע צונגען, דער דאַך איז שוין נישטאָ; עס קנאַקען די קראָקוועס, עס טרעשטשען די פענסטער, און אַ געדיכטער רויך מיט שוואַרצע קנוילען קויקעלט זיך און ציהט זיך ווייט ווייט, איבער הייזער און הייזלעך. עס הערט זיך אַ קול פון ווייבער, וואָס בע־קלאָגען זיך אויף דעם שלאַק, וואָס זיי האָט געטראָפען אין מיטען האַלבע נאַכט, און אַ געוויין פון קליינע נאַקעטע קינדער, וואָס ציטערען און וואַרעמען זיך ביים פייער. דאָרט זיצט אַ גאַנץ געזינ־דיל אויף איין איבערבעט מיט עטליכע קישענס, וואָס זיי האָבען קוים אַרויסגעראַטעוועט פון דער שרפה. און דאָ שטעהט אַ יידענע אַ מעוברת'ע מיט אַ טעפיל אין האַנד און מיט אַ פלעדערוויש און דערציילט דער אַנדער יידינע, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבען.

— אָנהויבען האָט זיך עס אָנגעהויבען, וועה איז מיר, פון שמעון דעם סטאָליער... מע איז געגאַנגען אַ פּנים מיט אַ לעמפעל, ווייסט איז מיר, ביינאַכט... סטרוזשקעס איז פאַראַן אַ סך, פינסטער איז מיר, און אפשר אַ שוועבעלע, אָדער אַ פאַפּיראָס און אפשר האָט דאָס דער בעל הבית אַליין, גדליה מיין איך, געטהון, ווייס איך ניט, איך בין דערביי נישט געוועז... נאָר דערוויל זענען נעבעך, וועה איז מיר, אָרימע לייט בְּדִיל־הַדַל געוואָרען, אַרויס אַזוי ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, וועה איז מיר... פרעגט מיך בחרם, וואָס טראָג איך עפּעס אַ טעפּיל מיט אַ פלעדערוויש, ווייס איך אַליין ניט...

— אוי אַנ'אומגליק! אוי אַ שלאַאַק! — וויינט אַ ווייבעל מיט אַ נגון פון אַקדמות און ברעכט די הענד — ניט אַרויסגעראַטעוועט אַפילו קיין פאָרעמעס, וואו וועל איך נעהמען אַ טאָג איבערצוקוי־מען? וואו וועל איך מיך אַהינטהון מיט מיינע קליינע קינדערער?...

ווי שדים, ווי רוחות לויפען ארוים און אריין יונגעלייט פון'ם געברענטען שטיבעל, שפרינגען אין פייער אריין, ראטעווען, וואס זיי קענען, חאפען ארוים פון דארטען דער א פיסעל פון א בענקעל, דער איין אומרוה פון א זייגער, דער א שטעקען פון א בעזעם...

— וואו איז ערגעץ אלי מיט דער קישקע? — שרייט איינער פון דער חברה לעשערם און קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען.

— איך בין דא, איך בין דא! — רופט זיך אן אלי, א קליין יידעל און באבערט זיך ביי דער קישקע.

— וואס טהוסט דו דארטען? וואס באבערסט זיך אזוי לאנג דארטען?

— איך פערניי די קישקע, זי האט זיך צעטרענט! — זאגט אלי.

— וואו איז ערגיץ פישל מיט די עמער? — שרייט איינער א שווארצער ייד מיט א צופליקטען טלית־קטן, מיט א פערראוכערט פנים און מיט א הייזעריג קול.

— פישל מיט די עמער!! — העלפט איהם שרייען נאך איינער.

— פישל! פישל!!! — העלפען איהם שרייען אלע איבעריגע

— וואס פישלט איהר? — רופט זיך אן איינער, א פנים פישל אליין מאקי — זעה נאר ווי זיי האבען זיך דאס אביסעל צופישלט! פישל — פישל! פישל — פישל!

— וואו זענען די עמער דיינע? — פרעגט מען איהם.

— די עמער זענען דא — זאגט פישל — נאר וואס וועט איהר מאכען מיט זיי, אז ס'איז נאך נישטא גרונם מיט'ן פעסיל!

— טאמער וואלסט דו זיך מטריח געווען, פישל, דערוויילע האפען ערגעץ א פאר עמער וואסער צווישען די שכנים?

— וואס עפעס איך? — זאגט פישל — זאל געהן אלי!

— אלי, חאפ אנ'עמער און טהו א שפרונג נאך וואסער.

— ווי קען איך? זעהסט דאך, אז איך בין פערנומען מיט דער קישקע; זאל געהן מאטיל.

— מאטיל! געה קריג ערגעץ אנ'עמער וואסער.

— וואוהין זאל איך געהן, אז איך קאן דא קיינעם נישט?

— לאז געהן אנשיל!

— אנשיל! אנו, טהו נאר א לויף נאך וואסער.

— איך? איך ווייס ניט וואו א טהיר עפענט זיך אפילו.

— לאז געהן דוד! שא, שא! אן פאהרט גרונם מיט'ן פעסיל! ער פאהרט! ער פאהרט! — און אלע טהוען זיך א ווארף צו גרונם'ן נאך וואסער און פריהער פאר אלעמען אלי מיט דער קישקע.

גרונם, א ייד מיט א גלאנציגען פנים, וואס סע שילט זיך, געהט זיך גאנץ רוהיג, נישט געחאפט, די פאלעס אונטערגעשטעקט ארונטער, און נאך איהם שלעפט זיך נאך אנ'איינגעדארט פערדיל, קוים וואס סע שלעפט די פיס פון דער בלאטע. ביידע, אי גרונם, אי דאס פערדיל להבדיל זענען שטארק פערשלאפען.

— ברוך הבא א ייד! און מיר האבען געמיינט, אז איהר וועט שוין היינט ניט זיין חלילה.

— א שענע מעשה נאר א קורצע! — זאגט גרונם — ווער דען וועט זיין, אז ניט איך? וואס בין איך עפעס א יונגערע? איך האב דערהערט דעם ערשטען קלונג, בין איך שוין געוועזען ביים פערד'ל. מיין אלטע האט מיך אפילו געוואלט אבהאלטען: וואס וועסטו זיך שלעפען, זאגט זי, אין אזא בלאטע? א רחמנות נעביך, זאגט זי, אויפ'ן פערדיל, ס'איז אויסגעמוטשעט פונ'ם טאג... נאר ווער האלט זי, ווער? איך האב ליעב א מצוה, ובפרט נאך דארט, וואו עס געהט אין דעם נפש, ארימע לייט נעביך ברענען! א קלייניקייט?!

— לאנג לעבען זאלט איהר, רבי גרונם! מיר געהען דא אויס פאר א ביסעל וואסער, ביי אלע שכנים נישטא קיין רעק!

און די חברה לעשערס טהוען זיך א לאז מיט די ליידיגע עמער צום פעסיל און פריהער פון אלע אלי מיט דער קישקע. חברה נעהמען זיך אנפאמפען וואסער — עס פאמפעט זיך נישט, מען וויל אנצאפען אין די עמער אריין — עס צאפט זיך נישט!

— וואס איז דאס, ר' גרונם? איהר זענט משוגע, צי חסר דעה? איהר זענט געקומען מיט אלעדיגע פעסיל!

— וואס הייסט מיט א ליידיג פעסיל? — זאגט גרונם — א פול פעסיל, ווי אנ'אויג, זאגט איהר גאר דאס!

— געהט זעהט, — רופט זיך אן איינער — דאס פעסיל איז לעדיג ווי א באראבאן!

— וואָס הייסט ס'איז לעדיג? — זאָגט גרונם און בעטראַכט דאָס פּעקיל, — עפּעס רעדט איהר מיר דאָך פּידריך, תּרגום־לשון! נאַ דיר, גאָר ליידיג! זאָל מיינע שונאים זיין ליידיג אין בויך און אין די קישקעס!

און גרונם קלינגט מיט'ן פינגער אין פּעקיל אַריין, דרעהט זיך אַרום פון אַלע זייטען און דערזעהט, אַז ס'איז אָהן אַ צאַפּען.

— יאָ, ווי איך בין אַ ייד, אַ לעדיג פּעקיל! — און ער האַפּט זיך ביי'ם קאָפּ און הויבט אָן שילטען מען ווייסט ניט וועמען.

— אַ חליערע, אַ מיתה משונה! אַן'אויסלויפעניש, אַן'איינטרי־קעניש! אַן'איינשרומפעניש! ווען האָט געקאָנט אַרויס דער צאַ־פען, איינגעזונקען זאָל ער ווערען! און וואו איז ער אהינגעקומען, אַ ברענען זאָלסטו, שלים־מזל, אויפ'ן פייער!

און גרונם לאָזט אויס זיין גאַנץ ביטער האַרץ צו'ם פערדיל נעביך, דערלאַנגט איהם אַרוק מיט'ן בייטש־שטעקעל אין זייט אַריין. דאָס פערדיל טהוט אַ פינטעל מיט די אויגען, לאָזט אַראָב די מאָרדע, קוקט אָן אַ זייט און טראַכט זיך: „פאַרוואָס קומט מיר אַ שטיינער אָט דער זעץ! גלאַט גענומען און געבולעט זיך! ס'איז ניט קיין קונץ נעהמען אַ פערד, אַ שטומע צונג, און שלאָגען איהם אומזיסט און אומנישט״!

— האָב דיר אַלציג שוואַרצע, פינסטערע, וויסטע יאָהר! — זאָגט גרונם צו זיך אַליין — איך זעה וואָס דאָס איז: איך גיעס און גיעס, און גיעס און גיעס!... אַצינד פערשטעה איך שוין: דאָס פּעקיל איז אַ פּנים לכתחילה געווען אָהן אַ צאַפען! קומען זאָל אויף דיר אַ פאַהיבעל היינטיגע נאַכט, זאָלסט צופאַלען ווערען אויף שטיקער, רבונו של עולם!

— וואַסער! וואַסער! — שרייען די, וואָס ראַטעווען פון דער שרפה — גיכער! גיכער! טראָגט אַהער די עמער, דאָס וואַסער!

— וואָסערע עמער? וואָסערע וואַסער? — ענטפערען זיי די לייּ־שערס — איהר זעהט דאָך ס'איז נישטאָ קיין טראָפּען וואַסער!

— וואָס הייסט ס'איז נישט קיין וואַסער?

— נישטאָ קיין וואַסער הייסט, אַז ס'איז ניטאָ קיין וואַסער!

— וואוהין איז אַהינגעקומען דאָס וואַסער?

— אויסגעלאָפען ביי גרונם'ן דאָס גאַנצע פּעסעל וואַסער?

— וואָס הייסט ס'איז אויסגעלאָפען דאָס גאַנצע פּעסיל וואַסער?

— אָט דאָס הייסט, ס'איז אויסגעלאָפען ביי גרונם'ן דאָס גאַנ־צע פּעסעל וואַסער, און נעה שריי חי וקים!...

פּלוצים לאָזט זיך הערען ווידער אַ מאָל יענער מאָרנער קלונג: באָם! באָם!! באָם!!! און עס ווערט בעלייכט די אַנדערע האַלב שטאָדט.

— נאָך אַ שׂרפה! אויף דער נייער שטאָדט!! — שרייען עטלי־כע קולות מיט אַ מאָל און דער גאַנצער עולם מיט דער חברה רעשער'ס לאָזען זיך לויפען אויף דער נייער שטאָדט.

— צוויי שׂרפות אין איין נאַכט — זאָגט גרונם צו זיך אַליין — בין איך שוין ניט מחויב! איך האָב אַליין אַ ווייב און קינדער! קיין געצאָהלט דערפאַר נעהם איך ניט; וויל איך — פיהר איך, וויל איך ניט — פיהר איך ניט. און דאָס פערדיל איז אויך נישט פון אייזען; אַ צער בעלי חיים, עס האָרעוועט זיך נעביך גענוג אָן דורכ'ן טאָג, בעדאַרף עס נאָך זיך אַרומשלעפּען גאַנצע נעכט! עס האָט מעהר נישט וואָס צו טהון!... מען וועט מיך ניט נויטען פון קהל!... לאָזען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד!... קום ברודער, — זאָגט ער צו'ם פערדיל — לאָמיר פאָהרען אַ היים!



י. ל. פרץ.

# די פֿרומע קאַץ.

דריי זינג-פֿויגעלעך זענען געוועזען אין איין שטוב און אַלע דריי אײנס נאָכ'ן צווייטען — האָט די קאַץ צורעכט געמאַכט...

עס איז קיין איינפאַכע קאַץ נישט געוועזען, נאָר איין אמת, אמת פֿרומע נשמה, וואָס האָט נישט אומזיסט געטראָגען די ווייסע גוט-יידישע יופּע און געהאַט אייגעלעך, אין וועלכע דער הימעל האָט זיך אָבגעשפּיגעלט...

עס איז אַ פֿרומע קאַץ, אַ טבילה-קאַץ געוועזען! 10 מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשען... און געגעסען האָט זי שטיל, ערגעץ אין אַ זייט, אין אַ ווינקעלע...

אַ גאַנצען טאָג האָט זי געחאַפּט וואָס עס איז מילכיג'ם, און ערשט, אַז די נאַכט איז געפֿאַלען, האָט זי געגעסען פֿלייש, כּשר מויזען-פֿלייש...

און נישט געאײַלט זיך צו דער אכילה, ווי אַ גראָבע זאַך. נישט געחאַפּט און געשלונגען ווי פּרעסער טהוען; נאָר בנעימות, שפּילענדיג זיך... זאָל דאָס מייזעל לעבען נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע... זאָל עס אַביסעל אַרומטאַנצען, אָבציטערען, ודוי זאָגען — אַ פֿרומע קאַץ חאַפּט נישט...

אַז מען האָט אין שטוב אַריין דעם ערשטען זינג-פֿויגעל געבּרענגט, האָט זי אויף איהם גלייך רחמנות בעקומען; עס האָט זי בּיי'ם האַרץ אָנגעחאַפּט.

אַזאַ שענ'ם זיפּצט זי, אַזאַ קליינס, אַזאַ מחיה'דיג פֿייגעלע זאָל קיין עולם הבּא נישט האָבען!

— און עס קען קיין עולם הבּא נישט האָבען! — איז זיכער די קאַץ — ערשטענס, וואַשט זיך עס דייטשעריש, מיט'ן גאַנצען לייב אין שיסעלע וואַסער... צווייטענס, אַז מען האָט עס אַיינגעזעצט אין שטייג, איז עס שוין אַ חיה רעה, האָטש אַ יונג, זיס און פֿיין זינג-פֿייגעלע... האַלט שוין עס מעהר פֿון דינאַמיט ווי פֿון שולחן ערוך!...

הײַנט דאָס זינגען אַלײן, דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס צופײַפען און דאָס קוקען גלײַך אָהן אַ שום דרך־ארץ אין הימעל אַרײַן! דאָס רײַסען זיך אַרוים פון שטײַג, צו דער זינדיגער וועלט, צו דער פרײַער לופט, צו׳ם אָפענעם פענסטער...

צי איז נאָך אַ מאָל אַ קאַץ אין אַ שטײַג געזעסען? צי האָט נאָך אַ מאָל אַ פרומע קאַץ אַזוי געפּיפּען, אַזוי זמרי־בן־סלו׳דיג געפּיפּען?

— און אַ שאָד! — ווײַנט דאָס פרומע האַרץ אין דער פרומער קאַץ, — עס איז דאָך אַ לעבעדיגע זאַך, אַ טײַערע נשמה, אַ פונק פון דער הויך!

דער קאַץ קומען טרעהרען אין די אויגען:

— און דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס דער זינדיגער גוף איז אַזוי שען, דער עולם הזה דעריבער - אַזוי לוסטיג, דער יצר הרע אַזוי שטאַרק...

ווי קאָן אַזאַ קלײן זים פײגעלע זיך אַקעגען שטעלען דעם שרעקליכען גרויסען יצר הרע?

און וואָס מעהר עס לעבט, מעהר זינדיגט עס, גרעסער וועט זײַן די שטראָף...

האַ!

און אַ הײליג פײַער האָט זיך אָנגעצונדען אין דער קאַץ, דאָס פײַער פון פנחס בן אלעזר הכהן... און זי איז אַרויפגעשפּרונגען אויפ׳ן טיש, וואו די שטײַג מיט׳ן זינגפויגעלע איז געשטאַנען, און— עס פליהען שוין פעדערען אין צימער...

---

מען האָט די קאַץ געשלאָגען... די שלעג נעהמט זי אָן פאַר ליעב... זי האָט פרום אָבגעקרעכצט, אָבגעמיאַוטשעט אַ יעמערליכען על חטא...

מעהר וועט זי שוין נישט זינדיגען...

די קלוגע קאַץ פערשטעהט, פאַרוואָס מען האָט זי געשלאָגען... מעהר וועט זי אויף קײן שלעג נישט פערדינען...

— מען האָט זי געשלאָגען — פערשטעהט די קאַץ — דערפאַר ווײַל זי האָט פערפעדערט די שטוב; ווײַל אויפ׳ן ווײַסען געשטיק־

טען מישטוך זענען געבּריבּען פלעקען פון בּלוט...

אַזאַ פּסק מוז מען מקיים זיין גוט, שטיל און פרום, עס זאָל קיין פעדער נישט פליהען, קיין טראָפּען בּלוט נישט פאַלען...

און — אַז מען האָט דעם צווייטען זינג־פויגעל געקויפט און אין שטוב גיזאָגט, האָט זי איהם שוין שטיל און פיין דערוואָרגען און מיט די פעדערן צוזאַמען איינגעשלונגען...

---

מען האָט די קאַץ געשמיסען...

צונד האָט ערשט די קאַץ פערשטאַנען, אַז נישט וועגען פע־דערען נעהט עס, נישט וועגען פלעקען פון אויפ'ן טישטוך...

דער סוד איז, אַז מען טאָר נישט טוידטען! אַז מען דאַרף ליעב האָבּען, מוחל זיין... אַז נישט מיט אַרבּע מיתות בית דין פער־בּעסערט מען די זינדיגע וועלט!...

מען דאַרף מחזיר למוטב זיין, מוסר זאָגען, צום האַרץ רעַ־דען!...

אַ קאַנאַרעק אַ בּעל תשובה קען קומען צו'ן אַזאַ מדרגה, צו וועלכער די פרומסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכען!

און די קאַץ פיהלט, ווי ס'וואַקסט אין איהר דאָס האַרץ פאַר פרייד! אוים אַלטע, שלעכטע און האַרטע צייטען! אוים בּלוט פער־גיסען!

רחמנות, רחמנות, און נאָך אַמאָל רחמנות!...

---

און מיט רחמנות איז זי צוגעגאַנגען צום דריטען קאַנאַרעק:

— שרעק דיך נישט — מאַכט זי, מיט דער ווייכסטע שטימע, וואָס איז אַמאָל אַרוים פון אַ קאַציגען האַלז, — זינדיג בּיזסטו, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טהון, ווייל איך האָב רחמנות אויף דיר!

איך וועל דיר אַפילו די שטייג נישט עפענען, איך וועל דיך אַפילו נישט אָנריהרען!

דו שווייגסט? — זעהר גוט! איידער פרעכע ליעדער צו זינגען איז גלייכער שווייגען!

די צאַפּעלסט — נאָך בּעסער! צאַפּעל, צאַפּעל מיין קינד, נאָר

ניִשט פאַר מיִר, פאַר'ן בורא עולם צאַפּעל, פאַר זיַין ליִעבען נאָמען!

הלואי זאָלסטו שוין אַזוי בלײַבען — שטיִל, ריֵין און צאַפּעלדיג...

איִך וועל דיִך העלפען צאַפּלען! פון מיַין פרומע נשמה וועל איִך הויכען אויף דיר שטיִלקיַיט, זיִסקיַיט און פרומקיַיט... מיִט מיַין הויך זאָל אַריַין אמונה איִן דיַין לײַב, יראת־שמיִם איִן דיַינע ביֵינ־דעלעך, תשובה און חרטה איִן דיַין הערצעלע!

און די קאַץ פּיִהלט ערשט, ווי גוט עס איִז מוחל צו זיַין, ווי אַ פריֵיד עס איִז יענעם אריַינצובלאָזען מיִט'ן הויך פרומקיַיט און ערהליִכקיַיט...

און עס וואַקסט דאָס פריִמסטע האַרץ איִן דער פריִמסטער וויַיסער קאַץ — גאָר דער קאַנאַריִק קען איִן דער קאַצען־לופט ניִשט אָטמען — עס האָט איִהם דערשטיִקט!

. . . . . . . . . . . . . . . . .



שלום אַש.

# אַ שמועה.

איך בין געפֿאָהרען מיט איהם פֿון קוטנע קיין לענטשיץ. דער טאָג איז געווען אַ הייסער זומער טאָג, די זון אין טיעפֿען הימעל, איינאַרטיג, ברייט און ווייט, וואו נישט וואו, באָדען זיך העררליכע, נגידישע, לייכטענדע וואָלקענדליך, ווי פֿליגעל׳ן פֿון מלאָכים׳לעך פֿאָהרענדיג אין דעם טיעפֿען הימעל.

אין בויד איז מיר היים געווען, און האָב נישט געקענט פֿער־טראָגען דעם געדיכטען רויך פֿון די ציגאַרען, וואָס האָבען זיך גלייכ־גילטיג פֿון די יודענס בערד אַרויסגעטראָגען, בין איך אַרויס און אויפֿגעזעצט מיך אויפֿ׳ן קיישעל צו׳ם פֿוהרמאַן.

בעריל מאַצני־וואָויטיק איז מיינס אַ בן־עיר, און איין נאַם זענען מיר אויפֿגעצויגען געוואָרען. פּסח, געדענק איך, ווען איך האָב פֿאַר׳ן טאַטען מיט׳ן פֿעטער שיר־השירים איבערגעזאָגט, אין דער גרויסער שטוב, וואָס די פֿענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען אין קיילער־געסעל אַריין, האָב איך געהערט בעריל׳ס קול פֿון די באַנק, וואָס איז געשטאַנען הינטער אונזער פֿענסטער, ווי ער טשעפּעט די דינסט־מיידלעך, און מיין שיר־השירים־קול האָט זיך אויסגעמישט מיט זיינעם. און אויף מיר האָט עס דעם איינדרוק געמאַכט ווי צו־זאַמענגעגאָסען קודש און חול...

נאָך אַ געוויסע צייט, ווען איך בין אַהיים געקומען אין אונ־זער שטעדטיל אַריין, בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז מאַצני־וואָויטיק האָט חתונה געהאַט, און איז געוואָרען אַ גאַנץ „אָרדענטליכער מענש", און געהט יעדען שבת דאַווענען אין די פֿוהרמאַנישע חברה. איך האָב עס נישט גלויבען געוואָלט, ביז איך האָב נישט מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן, פֿרייטאָג פֿאַר נאַכט, ווי מאַצני־וואָויטיק, אַהיימטראָגענדיג היי פֿון מאַרק פֿאַר׳ן פֿערד אויף שבת, האָט ער אין האַנד געהאַלטען ליכט פֿאַר׳ן ווייב אויף שבת — אויף מיר האָט עס דעם איינדרוק געמאַכט, ווי אונזער געסעל, דאָס קיילער־גע־

סער, איז אַן „אָרדענטליכער מענש" געוואָרען, וויל זיך צופוצען צו די פּראָנט־גאַס, און געהט שוין אויך שבת אין בית־המדרש אריין דעם מגיד הערען...

— ערקענסט מיך, בעריל — פרעג איך איהם?

ער האָט מיך אָנגעקוקט, און האָט מיך באַלד דערקענט, זאָגט ער:

— שלום, איך זאָל אַזוי לעבען — האָסט דיך דאָך עפּעס פערשטעלט!

און ער האָט גענעבען צו מיר אַ שטרעק אויס זיין האַנד — אַ פלעצער אייזען, און די פינגער, ווי צינגער אָנגעגליהטע אייזען. — דו ראַמפּעלסט היינט אויף די קאָזאַצקע פערד אַרום, זאָגט מען. לא קם! ברודער! זאָלסט אַזוי לעבען מיט מיר, פון מחות׳ן האָסט דו געשריבען אַ „שטיקעל" אין „בריעפען שטעלער" זאָגט מען דיין וואָלף האָט איהם אַריינגענומען און איבערגעלייענט, האָבען זיך איהם די בעבעכעס אין בויך מיט׳ן קאָפּ קאַפּויר געשטעלט... היט דיך, גוטער ברודער, אַז דו זאָלסט נישט צווישען זיינע פינגערלעך אַריינפאַלען, ווען ניט טראָגעלט ער דיר אַ באַק אונטער און ביסט אַ „קדוש"!

— וואָס זאָל מען טהון! שמייכעל איך.

אין מיר מיידען אויס פעלדער און סעדער, מיר פאָהרען דורך שטילע, רוהיגע דאָרפ׳ס גאַסען, וואו די הייסע זון האָט די איינוואָהנער אין די געצעלטען אַריינגעשרעפּט, און פּאַר טהירען נאָר שפּיעלען זיך קליינע קינדער אין זאַמד און שטיינדלעך. אונזער ערשיינונג מאַכט די ערשטע מינוט אויף זיי איין איינדרוק, בעוועגען זיך, מאַכען מיט די הענדליך, שרייען אונז נאָך, באַלד דאָך מיידען מיר זיי אויס, און מיר לאָזען זיך ווייט אין וועג אַריין...

ווי אַלטע בעקאַנטע הויבען מיר זיך אָן אויסצושטועסען, פערצעהלען איינער דעם צווייטען, וואָס און ווען עס איז מיט איהם. ער פערצעהלט מיר יעצט פון זיין יונגערן זוהן יצחק׳ל.

— הערסט, אַז דער עלטערער איז געבוירען געוואָרען, איך האָב אָנגעקוקט די „זמאַרטוויעניאַ" — האָב איך מיך באַלד אָנגערופען צו מיין שוואַרצער נ׳ה: נחה — דער „חוש" איז געראָטען אין דיין משפחה אַריין! ער וועט איבערבלייבען אַ מאַצני־וואויטיק ביז אין טויט אַריין

איז געקומען צו שווימען דער צווייטער — דאַרפסט דו צו זעהן אַ בחור, ער עסט דיך אויף מיט די אויגען, אַש, ברודער, פייער אין פלאַם, אין וואָס דו ווילסט! ווילסט... אַ דייטשען בריעף, אַ לשון=קודש'ן, אַ פרשה=חומש מיט רש"י! אָדער אפשר אַ שטיקעל משלי — נעהם די לייצעם אין די האַנד אַריין און דו פאָהרסט ברו=דער, אַפילו קיין דאַנציג.

הערסט, קומט צו מיר צוגעהן דער וואָרקער מלמד, און זאָגט צו מיר אַזוי: מאַצני=וואָיטיק, דו ביסט אַ מאַצני=וואָיטיק, אָבער אַ יונגעל דאָסט דו, וועט ער, ברודער, ווערטען איינגעהמען. זאָג איך צו איהם: אַזוי איז גוט, נעהמט איהם צו זיך. געהט ער צום וואָרקער, הערסטו דו — קומט ער אַ היים: און גיט מיך אַ רוף: פאָטער, און מיין נחה'ן: מוטער, און געט מיר אַ קוש אין דער האַנד, און גיט נחה'ן אַ קוש אין דער האַנד אַריין, און זאָגט צו מיר „דער דאָזיגער", הערסט, אַזוי איז גוט: אַ בייזע נאַכט אויף דיין קאָפּ, זאָג איך צו איהם, „אַ דאָזיגער" איז נאָר אויף מיר גע=קומען. וואָס זאָגסט דו נישט צו דעם? פאָטער רופט ער מיך שוין נאָר, דוד'ל, הערסט, דו רעדט ער צו מיר?

דו דאַרפסט איהם צו הערען שבת לייענען, ביי אונז אין ספר=תורה... וואָס זאָל איך דיר זאָגען, דו מיינסט ער אײַלט זיך עפּעס? ניין! הערסט דו, טריט ביי טריט געהט ער זיך. ווי משה= גאָמבינער'ס פערד אויפ'ן נייעם שאַדליינער וועג, האָסט דיר קיין שטיינדעל נישט — אָט ברודער, ווי אַ טיש — עס געהט זיך אַזוי ווי די בייטש וואָלט צוגעקנאַלט ראַז=דוואַ, ווי שאַפּע פאָדקאָוועס אויפ'ן געפרוירענעם שניי אין אַ טבת נאַכט... זאָג איך דיר, איז געוואָרען אַ געקוק אַראָב פון די ווייבער שוהל, איז געוואָרען אַ געסוד'ערײַ — מאַצני=וואָיטיק'ס, — איך האָב מורא געהאַט, אַז מען זאָל נישט אַנ'עין הרע אָבשפּרעכען, — בין איך אַריינגעגאַנגען אויפ'ן בעלעמער, און האָב איהם אָנגענומען ביים קאָלנער: געה אַראָב, זאָג איך צו איהם, האָליע דיך אַ נידער, און איך האָב שוין גענוג, זאָג איך, לאָז דיך די חאָליערע חאַפּען!...

הערסט, קומט מען אַריין בריעף שרייבען, משה'לע אָדעל'ס, מיט'ן קאָלנער, דער מיט די ברילען, „דער=דייטש"! קענער'ס

זענען זיי אלע, זאגט ער: גוט, וואס זאל איך שרייבען? — זאגט יענער, א „טיטעל בריעף" — רופט זיך אן מיינער: א טיטעל וויים איך אליין צו שרייבען, אבער דו זאג מיר „דאס לונג און לעבער" צוזאמען? זאגט יענער: „צו א מחותן". רופט זיך מיינער אן: „גע-נוג!" און גיט זיך דיר א טונק איין די פעדער, און גיט זי א מאך, א דרעה אויפ'ן פאפיר — מיט דער פעדער אויפ'ן פאפיר, אזוי ווי א קארעטע מיט א פאר פערד וואלטען זיך אויסגעדרעהט...

קומט צו פאהרען צו אונז דער ליטווישער מגיד, הע, ער קען דאך יא! ליטוואקעס קענען דאך עפעס, זיי האלטען גארנישט דערפון... הערסטו, געה איך פאר נאכט מיט מיינעם אין בית-המדרש אריין, קום איך אריין, שטעהט דער מגיד און זאגט א דרשה... נאך מעריב געה איך צום מגיד, אז ער זאל מיינעם פערהערען אין תנ"ך: זיי קענען דאך עפעס יא. דערלאנגט דער מגיד א פרעג מיי-נעם: נו, יונגער קענסט עפעס? - ענטפערט ער: איך קען גאר-נישט. דו הערסט, „איך קען גארנישט"! -- וואס האסט דו געלע-רענט? פרעגט ער איהם. „משלי" ענטפערט ער. גוט, זאגט ער, נעהמט א ספר און גיט איהם א מיש אויף פון סאמע ראדנע מיטען... זאג — זאגט ער -- גיט, הערסט דו, מיינער זיך א נעהם, הוסט זיך אוים, שנייצט זיך די נאז אויס — און גיט א קוק אריין, — אזש דער מארך-ביין האט זיך איהם געגעבען א שטעל אויף און הויבט אן צו זאגען... אלץ הייכט געזאגט! הערסטו, מיט'ן נגון, ברודער, דזויך, אט אזוי: ואני און איך — און ברודער — און דזעכער... אין בית-המדרש האט עס געקנאלט ווי מיט בייטשען, ווי אויף לאוויטשער יאהרמארק — אדער אזוי ברודער, זאג איך דיר — אזוי — אזוי ברו-דער, די הכירע האט דיך גענומען אויפ'ן ארט — — —

(און בעריל האט געגעבען א לאז אראב די בייטש אויף די פערד, אז זיי האבען זיך אויף די הינטערשטע פיס געשטעלט).

איך האב נאר מורא, אז עס זאל זיך איהם נישט פערגלוס-טען מיט דיר מיטצוחאפען זיך צו די „בריעפען-שטעלער" קיין ווארשע — מען האט מיר שוין געזאגט — היט דיך ברודער, ווארים איך וועל דיר דעם מארך-ביין איבערהאקען...



## ד. פּינסקי.

# הײַנטיגע יונגע לײַט.

... איך זאָג אײַך, וואָס אײַערע הײַנטיגע יונגע לײַט זענען...
אַ גרויל! שקצים, סנעקעס... און שמועסען זיך אײַן, אַז זײ
וועלען ראַטעווען די וועלט! זײ וועלען ראַטעווען די וועלט! הע=
הע=הע... מען איז מעהר ניט זעהר אויסגעלאַסען, אַראָבגע=
וואָרפען פון זיך דעם יאָך, אײַנגאַנצען אויסגעטהון זיך, ניטאָ
אויף זײ קײן מוֹרא, ניט פאַר גאָט, ניט פאַר לײַטען, גלאַט אַ
הפקר וועלט!...

אָט, איך בין דאָך סך הכּל אַ דרדקי מלמד, און זײ יאָגען
די געשטודירטע, די אויפגעשפּיצטע, דאָך פערשטעה איך זאַך
אין תּוך אַרײַן טויזענד מאָל בעסער פאַר זײ. אַדרבּה, לאָמיר בּי=
קלערען: וואָס? וואָס? וואָס ווילען זײ? ח׳מע!...

זײ ווילען ראַטעווען די וועלט, קײן אָרעמע לײַט זאָלען ניט
זײַן, און וואָס האָבען זײ אויסגעקלערט — כּיס אחד יהיה
לכלנו! מען זאָל אָבנעהמען בײַ אַלע גבירים דאָס געלד און צו=
טײלען איבער דער גאַנצער וועלט... סאַר אַ גאונים דאָס זענען!
איהר הערט נאָר דעם אײַנפאַל?! איך וועל קומען — איך חאַפּ אײַך
אָן, למשל — צו ראָטשילד׳ן און זאָגען: אדוני רב ראָטשילד,
איך וויל, איהר זאָלט אונז אַוועקגעבען אײַער געלד". איז וואָס,
דהיינו, וועט ער מיר דערויף זאָגען? אַז ער זאָל אַפילו ווע[...]
מיט מיר רעדען, וועט ער דאָך די ערשטע קשיא פרעגען: סטײ[...]
וואָס פאַר אַ מחותּן בּיזט דו דאָס מיט מײַן געלד? דו האָסט ע[...]
בײַ מיר אַ סך אײַנגעלעגט? האָסט מיר עפּעס אַ סך געהאָלפען צונ[...]
קלײַבען מײַן עשירות? איז וואָס, אַנ׳ערך קאָן איך איהם דער[...]
ענטפערען? נאַרניס מיט נאַרניס. נאָט האָט אַזוי געוואָלט, ע[...]
זאָל זײַן ראָטשילד, און איך זאָל זײַן גרונם דער מלמד און
פערשוואַרצט ווערען נאָך מײַנע יאָהרען און טעג. געה פרעג בײַ

גאָט קשיות, פֿאַרוואָס ער האָט אַזוי געוואָלט! נאָר דאָס איז דאָך די מעשה, אַז די חברה גלייבט גאָרניט אין גאָט, ביי זיי טהוט זיך דאָך אַלץ אַזוי, אָהן גאָט, טבע־שמעבע, און איך ווייס וואָס־יסבּר פּי רשעים! פֿערשטאָפּט זאָל זיי ווערען די מיילער — וואָס זיי קלערען דאָרטען אויס. און אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט, איז ניטאָ קיין „אימתא דמלכותא", איז רעכט אפילו הרג'ענען אַ מענש אין רעכטען מיטען גאַס, איז דערמאָלט מעג דאָך טהון יעדער, וואָס ער וויל, איז דערמאָלט „ושיד, פּאָדאַוואַי גראָשי"! כּים אחד יהיה לכלנו, אַ טיילעניש אויף זיי! טפֿו...

נאָר איך טענה דאָך שטענדיג מיין טענה: דער מענש, וואָס שטעהט צו צו דער חברה, איז ניט ווערט מעהר, וויאָס די ערד טראָגט איהם. ער געהט גאָר גלייך אַרויס מכּלל מענש, פֿערליערט אַלע זיינע חושים, בעקומט אַ שטיינערנע האַרץ, ווערט אָן די מדה פֿון רחמנות — און אויס!

אָט, נעהמט חאָטש חיים אַנטשער'ס בּן יחיד, משה'לען. וואָס ווייסט איהר פֿון דעם בחור'ל? ער איז דאָך געוועזען מיינער אַ תלמיד. אַזאַ זיידען קינד, אַזאַ אבן טוב האָב איך גאָר אויף מיין לעבען ניט געזעהן. און יואָס? זיצט ער איצט בחדרי הדרים, און אַ סבראָ, אַז ער ווערט אַוועק אין דעם ווייטען וועג, אין כּף הקל, אין סיבּיר. אויב מען וועט איהם נאָר אַפֿריהער ניט אָראָב־דרעהען דעם קאָפּ, אַז אַ האָהן וועט אַפֿילו ניט קריי‏הען. האָט זיך אונגליקליך געמאַכט, האָט אונגליקליך געמאַכט זיינע עלטערן, פֿערבּיטערט און פֿערקירצט זיי די יאָהרען, און פֿרעג ווער? וואָס? ווען? גאָרניט! און ער האָט דאָך אַ פֿריהער געוואוסט, אַז ער וועט האָבען אַ מיאוסען אָבשניט און וועט מקצר זיין די עלטערען די יאָהרען. נאָר ווי מען שטעהט צו צו דער חברה, איז אויס טאַטע־מאַמע, איז אויס רחמנות, איז אַלץ אויס, אויס, אויס!...

נאָר קיינער, זאָג איך אייך, פֿערדריסט מיר ניט אַזוי, ווי דער משה'ל. איך זאָג אייך, עס רייסט מיר אויף איהם אויס אַ שטיק האַרץ. נאָך אַ צייט פֿאַר זיין תּפֿיסה. האָב איך איהם גע־שריען: „משה'ל, בּיזט עפּעס... זעה"!... ער האָט געלאַכט. — „לאַכסט. לאַכסט", — זאָג איך איהם, „וועסט אָבער דערמאָהנען

מיינע ווערטער, הלואי זאָל איך ליגען זאָגען. ער האָט מיך אַרומ־גענומען אַרום רוקען... אַ שיינגעץ, זאָג איך אייך, אַ גאָלדען קינד, עס קלאָגט אין מיר מיין האַרץ אויף איהם בנאמנות, — אָט אַזוי האָט ער מיך אַרומגענומען און פרעגט: „וואָס פאַר אַ בעז זעהט איהר אין מיר, רבי'נקע"? פערשטעהט איהר, ער פרעגט נאָך, וואָס פאַר אַ בעז זעה איך אין איהם. — „וואָס פאַר אַ בעז זאָל איך אין דיר זעהען"? פרעג איך. „דאַרפסט עפּעס וואָס? נאָר גראַט, געהסט ניט בדרך הישר, געהסט ניט אין אַ גלייכען וועג, טהוסט ניט דאָס... טהוסט ניט דאָס, משה'ל! מילא, זאָג איך איהם, ביזט ניט פרום, גאָלסט זיך, דאַוו'ענסט ניט, ווייסט ניט פון שבת, ביזטו טאַקי דערפאַר אַ גרויסער שיינגעץ, דאָס איז אַ בעזונדערע זאַך, זאָג איך איהם. נאָר ביזט דאָך דער געשטודירטער און זאָגסט, אַז דו ביזט, קריגער פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר אַלע אונזערע חכמים זכרונם לברכה. אַי, נאָך דיין פּגירה אַפילו וועסטו דאָס אויך ניט זיין, נאָר גאָרניט... אָבער פרעג איך דיך, וואָס דאַרפסטו אַנדערע קאַליע מאַכען? נעהמסט זיך אַרום שקצים, פּאַסקודניקעס, אָבגעריסענע הינד, איך ווייס, שטיקלעך אַרבייטערלעך און לערנסט זיי ווי עובר זיין אויף אַ דין, ווי „פּורץ גדר" זיין!... גלאַט, וואָס איז עס פאַר אַ שטאָדט, פּיהרען זיך מיט אַזעלכע, איך ווייס ניט וואָס. פּנוסט עס דען פאַר דיר? פע, חלשות"!

דאַכט זיך, האָב איך גערעדט קלאָרע ווערטער, איז פאַרהאַן דאָ וואָס צו לאַכען? און ער האָט געלאַכט! איך האָב שוין אָנגע־הויבען ווערען אין כעס. „וואָס לאַכסטו"?

„איהר זענט אַ וואויל ידעל, רבי!" — זאָגט ער מיר.

איך דאַרף דאָ האָבען זיין הסכמה, צי בין איך אַ וואויל ידעל אָדער ניט אַ וואויל ידעל. „דו פערשפּאָג מיר נאָר ניט „האַקעס־באַקעס", — זאָג איך איהם. „רעד דברים כהויתם, ריינע קלאָרע דבורים. וואָס לאַכסט דו, וואָס?"

„רבי", — זאָגט ער, „אייך ווילט זיך טאַקע וויסען מיין תורה?" זאָגט ער.

„אדרבה, — זאָג איך איהם" — איך וויל טאַקע הערען, נאָר שרעק דיך ניט, זאָג איך איהם, מיך וועסטו ניט קאַליע מאַכען,

פון וועג ניט אַראָבפיהרען, אַזוי לאַנג וואָס, ווי לאַנג דיינע תורות וועלען צו מיר ניט צושטעהען".

„מיין תורה איז", — לאַכט ער, „האָב ליעב דעם אַנדערען ווי זיך אַליין".

איהר פערשטעהט עפּעס? זיין תורה, איז עס! „שיינינקע!" זאָג איך מיט חוזק. — „ואהבת לרעך כמוך" — איז דאָך אַ בכּירווישער פּסוק! דיין תורה איז דאָס?

„זי איז יענעמס", — ענטפערט ער, „ווער עס האַלט פון איהר און לערענט זי דעם אַנדערען".

ענטפערן, נישט קשה, האָט ער געקאָנט, דער קאָפּ האָט איהם ניט אויסגעדאַרט. נאָר פערשטעהט איהר אַ דרך? זיצט מען דאָס מיט אַ חברה ליידאַקעס און מען לערנט מיט זיי „ואהבת לרעך כמוך!" קיין בעסערע תלמידים האָט ער שוין ניט גע־פונען.

„ביזט דאָך גלאַט אַ נאַר", — זאָג איך איהם, „אויף דיר וואָלט איך ניט געגלויבט".

נאָר מילא, וואָס זאָל איך דאָ אַ סך מאריך זיין — ער איז דאָך דער קלוגער, און איך בין דער נאַר, האָט ער מיך ווידער אויסגעלאַכט, איך רעד דאָך קרום!

און ער האָט שוין געמיינט, אַז איך בין דאָס דער „פּתי יאמין לכל דבר" און גלויב איהם שוין, אַז ער לערנט מיט זיינע ווייסע חברה׳ניקעס „ואהבת לרעך כמוך". ווי מיינט איהר, ער וועט מיך טאַקי באַלד איינשמועסען. אַז פאַר „ואהבת לרעך כמוך" וועט מען איטיצען אַריינזעצען און אין סיביר אַוועקשיקען! נאָר איך וועל מיך שטעלען מיט איהם קריגען? ער זאָגט מיר „ואהבת לרעך כמוך", זאָל זיין „ואהבת לרעך כמוך". און אין דער׳אמת׳ן האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט אָנגערעדט די אַרבייטער פון סימ־קין׳ס פאַבריק, זיי זאָלען אויפהערען צו אַרבייטען און בעטען מעהר געלד און ווער ווייסט, צו וואָס ער האָט זיי דאָרטען צוגע־רעדט, און דערפאַר פוילט ער איצט אין אָבטראָג!...

אַנ׳אַנדערש מאָל האָט ער אויסגעטראַכט גאָר אַ נייע מאָדנע תורה; „אַרבייט, ווערסטו עסען!" איך האָב איהם פשוט אָנגעקוקט

ווי אַ משוגע׳נעם. איך רעד שוין ניט פון דעם, אַז גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען ניט צוליעב דעם, ער זאָל אַרבייטען און עסען, נאָר צוליעב דער תורה — ווענען גאָט איז דאָך ניטאָ מיט איהם וואָס צו רעדען, גאָט איז דאָך גאָר אויף דער וועלט ניטאָ! — נאָר ווי שטעלט איהר זיך עס פאָר, אַז ר׳ וועלוועל שמעלקעס און אפילו איך, איך, גרונם מענדעל דער מלמד, וועל מיך שטעלען אַרבייטען צוזאַמען מיט בונם דעם שוסטער און דאָניע דעם שניידער! מען דאַרף דאָך זיין משוגע כאחד המשוגעים, אַז מען זאָל נאָר אויסטראַכטען אַזאַ מין פּלאַן. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך האָב אפילו ניט געוואָלט מיט איהם רעדען און קריגען זיך וועגען דעם.

און ניט נאָר אין דעם אַליין איז משה׳ל קאַליע געוואָרען, וואָס ער האָט אָנגעהויבען רעדען על השם ועל משיחו, פּלוידערן וואָס ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, נאָר אין אַלע פּרטים איז ער שוין ניט געווייזען קיין מהות מענש. למשל, דער יונג איז שוין געשטאַנען אין שדוכים, איך אַליין האָב איהם געוואָלט רעדען אַ שדוך. ניט חס ושלום להנאתי, פון מיין פּרנסה וועגען. באמונתי, אַז איך בין וויים געוועזען פון דעם געדאַנק, נאָר עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב געפונען דעם אמת׳ן זווג זיינעם. איהר קענט דאָך מסתמא רב אַברהם עקין דעם כרסור׳ס טאָכטער? איז דאָס עפּעס אַ קרומער שדוך? לדידי, נאָך מיר נאָך, וואָלט עס געוועזען דער גליקליכסטער זווג אין דער וועלט, איז וואָס לאָזט זיך אויס? לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט זיך שוין „איזניוחעט" מיט — שמע ישראל צו שרייען! מיט סענדער דעם רופא׳ס טאָכטער, מיט דער לערערקע! חיים אַנטשעך׳ס זוהן מיט סענדער דעם רופא׳ס טאָכטער — שומו שמים!... פערשטעהט איהר ווי דער יונג איז טיעף געפאַלען! מחי אל חי! און אַז אָך און וועה! וואָס פאַר איין אהבה, וואָס פאַר אַ ליובקע צווישען זיי איז געוועזען! ווען די חציפה האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט איהם צוגענומען, איז זי נאָר אַביסעל בלייך געוואָרען און כלומר׳שט געהאַט זיך פאַר׳ן האַרצען און ווייטער גאָרניט, ווי ניט איהר זאָך גאָר...

נאָר דאָס איז דאָך וואָס איך טענה: דער מענש, וואָס שטעהט צו צו דער חברה, געהט אַרויס מכלל מענש, פערליערט די מדה פון רחמנות, טהוט זיך אויס פון אַלץ און... און... און גאָר ניט! און זיי ווילען דאָס ראַטעווען די וועלט! אָה, אַ רוח אין זייערע טאַטענס אַריין!... עס איז נאָר אַנ׳עברה, אַז מען רעדט וועגען זיי, טפו!...





ם. אָסיִפּאָוו.

# אָבְּמַאכֶען.

אַ גאַנצען טאָג האָט דער אָקס עוֹלֶה לְרֶגֶל געווען איבער דעם לאַנגען טראַקט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, ביז מען האָט איהם געבראַכט אין שטאָדט אַריין.

— דאָ — טראַכט דער אָקס — וועל איך אַביסעל אָפּרוהען וואו ניט איז אין אַ שטאַל!

זיין האָפנונג איז אָבער פאַלש געווען. ניט אין אַ שטאַל האָט מען איהם געבראַכט, נאָר אין שלאַכט־הויז...

דער אָקס האָט זיך ניט אַרומגעקוקט, ווי מען האָט איהם פלוצלונג אומגעוואָרפען. באַלד איז צוגעשפּרונגען אַ צווייפּיסיגער מיט אַ לאַנגער באָרד מיט אַ בלאַנקערדיגען חַלָף און האָט איהם אַ פּאָר מאָל אַ פידעל געטהון איבערן האַלז...

דער אָקס גוס׳עט... ער וואַרפט זיך און צאַפּעלט זיך פאַר גרוים יְסוּרים.

— וואָס האָט ער געהאַט צו מיר דער רוצח? — טראַכט דער אָקס — פאַרוואָס קומט עס מיר?... פאַרוואָס?!...

— חאַפּ, יענקל, שנעלער און מאַך איהם אָב!... דערהערט דער אָקס אַ געשריי פון דער זייט און בערוהיגט זיך:

— געלויבט איז גאָט! עס האַלט ביי אָבמאַכען, מסתמא וועלען דאָך די מענשען אַנערקענען די עַוְלה, וואָס דער רוצח האָט מיר געטהון, און מען וועט מיר אַביסעל לייכטער מאַכען מיינע יסורים...

דערווייל איז יענקעל צוגעלאָפען, דאָט זיך אַיואָוּף געטהון אויפ׳ן אָקס און האָט גענומען שינדען פון איהם די פעל...

— אַזוי גאָר?! — טראַכט דער אָקס — אָט דאָס הייסט ביי מענשען אָבמאַכען?... אָבשניידען פונ׳ם געקוילעטען די פעל?...



## מאריס ראזענפעלד.

# די גרינע.*)

## I.

א בעש, א געטומעל, עס קאכט אין די גאסען,
עס איילען די מענשען, עס לויפען די מאסען,
עס הערט זיך א שימפפען, עס הערט זיך א לאכען,
מען רעדט און מען פלוידערט אויף אלערליי שפראכען,
מען טייטעלט מיט פינגער מיט מאדנע הויות –
איך פרעג ביי צוטומעלט: „וואס איז דא? וואס נייעס?"
און פרעגענדיג, האב איך דערזעהן – נעביך „גרינע"!
פערייאגעלטע אידען פון יענער מדינה...
מען האט אויף די ערענדע לייכט געקענט לעזען,
אין וואס פאר א קנעכטשאפט זיי זענען געוועזען;
אין וואס פאר א יונקער זיי זענען געבארען,
אויף שפאט און פעראכטונג און בלוטיגען צארען.
בעטראכטענדיג איינעם פון זיי און דעם צווייטען
אנטראפענעם מת פון די צעדנפאכע קייטען,
בעטראכטענדיג זייערע טארבעס און פעקלעך,
די ארעמע, שווארצע פערלאטעטע זעקלעך,
האט פלוצלונג א פראגע בעשעפטיגט מיין זינען:
די פעקלעך – אי, וואס קען דארט ליגען דערינען?

## II.

א זאגט מיר, איהר אלטע היסטארישע פעקלעך,
איהר אידישע טארבעס, איהר אידישע זעקלעך,

*) „גרינע" מיינט מען אויף פראסט ענגליש פרעמדע, נאר וואס אנגעוואנדערטע.

וואס ליגט עס פערוויקעלט אין אייערע טיכער?
געווים נישט קיין רעכטע – דערויף בין איך זיכער!
געווים קיין פאפירען, אז וואו איהר ועט קומען,
זאל ווערען דער וועג אייך בעשאטען מיט בלומען,
נו זאגט דאך, א טלומקעס: – מיין הארץ ווערט צעריסען!
וואס ליגט עס אין אייך, בין איך גערנע צו וויסען?
און פרעגענדיג – וואונדער! האט ריכטיג ווי טרעפענד
איין פעקעלע געביך, זיין בוזעם געעפענט;
אט גלייך ווי עס וואלט צו מיר זאגען מיט שמערצען:
„נא, זעה, וואס איך טראג אין מיין וואונדיגען הערצען"!
און קוקענדיג טיעף אין היסטארישען שימער –
וואס האב איך דערזעהן! א, אלמעכטיגער הימעל!
איך האב אין אנ'אלטע, צעריסענע טיכעל
דערקענט א צעריסענעם, אלטעטשקעס ביכעל!
די טאוולען פערגאסען מיט בלוט און מיט טרעהרען –
איהר קענט עס דאס ביכעל? נישטא וואס צו קלערען!
דאס ביכעל – איהר קענט עס דערויף בין איך זיכער!
דאס הייליגסטע בוך פון די הייליגסטע ביכער!
מיר האבען שוין פיעל פאר דאס ביכעל געגעבען:
דאס קאסט אונזער פרייהייט! דאס קאסט אונזער לעבען! –
וואו האט מען שוין אונז ניט געיאגט און געטריבען
צוליעב די ברילאנטען אויף פארמעט געשריבען? –
מיר האבען די שמות צוזאמענגעקליבען,
פערשווארצן זיך הייליג דאס עביג צו ליעבען,
ביר האבען'ס גערעטעט – דאס איז אונז פערבליבען!

## III.

נישט לויפט נאך די „גרינע", איהר ווילדע נאראנים!
נישט מיינט אז דא פאהרען א באנדע קבצנים;
דאס זענען קיין ווילדע, קיין בעטלער, קיין שנארער –
רעספעקט פאר די צוויי-טויזענד-יעהריגע פאהרער!
בעגריסט זיי, די קינדער פון איינציגען בורא!

בײַ זײַ אין די פעקליך... אָ זעהט איהר די סחורה!
דער אוצר פון ליכט פאַר דער וועלט – זײַער תּורה!
נו זאָגט, קען מען רופען אַזאַ אומה, אָרים? –
אַ פאָלק וואָס האָט מוטה אי דורך נאַכט, אי דורך קברים,
צו לייפען, דורך שרעק, און דורך טויט און דורך פײַער,
און רעטען וואָס איהם איז פערהײַליגט און טײַער;
און רעטען וואָס קאָן צעהלען אַזוי פיעל מארשרוטען;
וואָס קאָן אַזוי לײַדען, וואָס קאָן אַזוי בלוטען:
וואָס קאָן אַזוי טרעטען אויף אײַביגע אֵימות
און צאָהלען מיט וועלטען פאַר עטליכע שֵׁמות;
אַ פאָלק וועלכעס קאָן אַזוי שווימען דורך טו־עהרע,
און קיינמאָל נישט מיעד, און פערצווייפעלט ניט ווערען –
אַ פאָלק מיט אַזעלכע מעלות דערמאָנען –
אָ וואַשט אײַך די ליפען! רעספעקט, איהר נאַציאָנען!
איך ליעב זײַ די „גרינע״, די בײנער־געשטאַלטען,
בײַ זײַ איז דער טײַערסטער אוצר בעהאַלטען –
אין דיעזע פערחשכ׳טע טאָרבעס די שטומע
געפינט זיך די גלענצענדע קרוין פון מײַן אומה;
אין דיעזע פערקרום׳טע זעקעליך ליגען
די הײליגע ליעדער וואָס זענען ענטשוויגען;
די הימלישע קלאַנגען וואָס זענען פערקלונגען,
די סטרונעס די זיסע וואָס זענען צעשפּרונגען,
די פאַסטוכער־ליעדער וואָס זײַנען פערשאָרען
צווישען די פערלאָזענע בערג אין די טאָהלען...
אָ הערציגע פעקעליך, ליעבליכע, שענע,
אין אײַך ליגט צעפּיצעלט מײַן פאָהן די רײנע;
אין אײַך ליגט דער גײַסט פון מײַן פאָלק, מײַנע ברידער –
דורך זײַך וועט מײַן אומה נאָך אויפלעבען וויעדער!



ה. ד. נאָמבערג.

# פֿון מיכה ו׳.

עס ציטערען טהורמען און ווערען צעשטערט,
עס וואַקעלט זיך שבור די זינדיגע ערד.
און איהר אָ, צופֿריעדענע, רוהיגע לײַט,
פֿערטאַנצט און פֿערהוליעט די ביטערע צײַט!
און זעהט ניט וואָס ס׳טהוט זיך, און ווייסט ניט וואָס ס׳שאַפֿט
אויף מאָרגען די רויהע, די אײַזערנע קראַפֿט;
און ליעגט אײַך בערוהיגט אויף בעטען פֿון בײַן,
ערוואַכט נאָר צום פֿרעסען, צום זויפֿען דעם ווײַן.
איך האַרפֿען, ווי דָוִד, פֿערשאַפֿט איהר אײַך פֿיעל
די צײַט צו פֿערטרײַבען אין לוסטיגען שפּיעל.
נאָר טאַנצען, נאָר הוליען, נאָר זויפֿען און פֿרעסען,
אין פֿרעמדען, אין אײַגענעם לעבען פֿערגעסען!



נישט צו שטראָפֿען אײַך האָט
מיך געשיקט אונזער גאָט! —
אײַך וועט טרעפֿען זײַן שטראָף,
ווי אַ דונער אין שלאָף!
נאָר בעפֿוילען מיך האָט
דער אַלמעכטיגער גאָט:
אײַך אין פּנים צו שפּײַען,
אין די גאַסען צו שרײַען:
אוי, איך האַס און פֿעראַכט
אײַער לעבען און פּראַכט!..

ש. פריד.

# דאָס העמדעל.

## פון טהאָמאַס האאד *).

געשוואָלען די פינגער, עס טרעהרען די אויגען,
די נעהטערין זיצט זיך אין דרייַען געבויגען
זי נעהט, נעהט און נעהט
אין הונגער, אין צרות אין נויט.
זי זינגט איבער'ן העמדעל אַ ביטערעס ליעד
פון פינסטערען לעבען, פון צרות, פון מיעד:

„עס קרעהען די הענער, דו מוזט זייַ שוין הערען,
דו אַרבייט, חאָטש עס לייַכטען פון הימעל די שטערען,
דו אַרבייט און אַרבייט, און קלעהר ניט פון שלאָפען,
חאָטש עס ווערען מיט בלוט דייַנע אויגען פערלאָפען,
דו אַרבייט און נעה, גאַנצע נעכט, גאַנצע טעג —
אַנ'אַרבעל, אַ קאָלנער, אַ זוים בייַ דעם ברעג.
„אַנ'אַרבעל אַ קאָלנער, אַ לאַטקעלע ווידער...
אָ פרויען און מענער, אָ שוועסטער און ברידער!
איהר טראָגט ניט קיין לייַוועַנט אויף אייַערע העמדער,
אויף אייַך איז געקליידעט אַ לעבען — אַ פרעמדער —

*) טהאָמאַס האאָד איז איינער פון די בעריהמטע ענגלישע פּאָעטען (1845—1798) זיין „ליעד איבער דאָס העמדעל" („Song of the shirt") האָט זיך געדרוקט ערשט 2 יאָהר פאַר זיין טוידט. דאָס ליעד האָט אין יענער צייַט שטאַרק געווירקט אויף די ענגלישע לעזער און האָט אַרויסגערופען דאַמאָלס אַ גאַנצע בעוועגונג אַנטקעגען די שלעכטע בענעהמונגען צו פרויענאַרבייט בכלל. דאָס זעלבע ליעד איז געוואָרען בעריהמט נישט נאָר אין ענגלאַנד, נאָר אויך אין פיעל אַנדערע לענדער. אויף רוסיש איז דאָס ליעד זעהר גוט איבערזעצט פון מ. מיכאַילאָוו.

אַ ביטערער לעבען פון אַך און פון וועה...
נעה, נעה און נעה,
אין הונגער, אין צרות אין נויט —
איין לייוועגט, איין שטאַלענע נאָדעל, וואָס נעהט
דאָס העמד און תכריכים אַלעם צום טוידט...
דו אַרבייט און אַרבייט, אַרבייט און נעה...
ווען דאָרט אונטערן פענסטעריל פינקעלט דער שנעע,
ווען דאָרט איז דער ליעבליכער פריהלינג געקומען,
געקליידעט אין גרינס, אין שמעקענדע בלומען,
ווען דאָרטען די פייגעליך זינגען און טרילען —
דו אַרבייט, דו טאָרסט ניט ניט רוהען, ניט שפּיעלען!

„אַ מאָל חאָטש, איין שעה וואָלט איך לעבען נאָר וועלען
און שמעקען די בלומלן, און לאַכען, און קוועלען,
דער הימעל איז ליכטיג, די בוימער בענייט —
איך וויל לעבען אַזוי ווי אין אַ פרישערע צייט,
אַזוי ווי אין די ליעבליכע קינדערשע יאָהרען...
נאָר איצט איז מיין לעבען פאַראומערט געוואָרען —
איך מוז צוליעב טרוקענעם ביסעלע עסען,
מיין לעבען מיין ווילען, מיין פרייהייט פאַרגעסען!...

חאָטש אַ שעה זאָל איך האָבען אַ האָפנונג אַ נייע,
נאָר ניין, ס'איז ניטאָ גאָר קיין רגע קיין פרייע,
די צייט איז מיט צרות אינגאַנצען פערנומען
איין רגע פון איהר קען ניט ווערען גענומען,
איך וואָלט וויינען אַביסעל, וואָלט גרינגער מיר ווערען,
נאָר שטילער, פערהאַלט זיך, ניט רינט מיינע טרעהרען,
עס קען ווערען די אַרבייט פאַרנעצט"...

. . . . . . . . . . . . . . . .

געשוואָלען די פינגער, עס טרעהרען די אויגען,
די נעהטערין זיצט זיך אין דרייען געבויגען,

זי נעהט, נעהט און נעהט,
אין הונגער אין צרות אין נויט —
זי זינגט איבערן העמדעל אַ ביטערעס ליעד,
פון פינסטערען לעבען, פון צרות, פון מיעד...
צי זעהט איהר די טרעהרען, הערט די געשרייען,
אָדער וועט גאָר צו אייך דאָס ליעד ניט פערפליהען?



א. רייזען.

# מִיאוּס אִיז דִי עֶרְד...

מאוס איז די ערד, מיין פריינד,
און פערדעקט מיט ראָסט;
וואַקסט אַ מאָל אַ בלימעל אויס —
טוידט עס אָב דער פראָסט.

טרויריג איז די ערד, מיין פריינד,
ווי אין הערבסט דער וואַלד!
פליהט אַ מאָל אַ פויגעל דורך
שיעסט דער יעגער באַלד...





איך וואַרט אויפ'ן ליכטיגען טאָג, וואָס וועט קומען
מיט גאָלדענע שטראַהלען, מיט בליטהען און בלומען;
מיט פרישערע לופטען, אין וועלכע ס'וועט קלינגען
די פרעהליכע ליעדער פון פאָלק, וואָס וועט זינגען;
די פרעהליכע ליעדער, וואָס וועט ניט בעגלייטען
קיין זיפצען, קיין קרעכצען, קיין קלינגען פון קייטען.



י. באָבשעווער.

# צו די בְּרידער.

קומט, ברידער, געטרייַע! אַהין לאָמיר שטרעבען,
אַהין, וואו די זילבערנע קוואַלען פון לעבען
צוגיסען זיך בּרייט פון׳ם פעלזען אַרונטער
אין פלוידעַרן, פלאַפלען, און רופען אונז מונטער:
קומט, יידישע קינדער!
קומט גיכער, געשווינד
און לעשט אָב פון האַרצען דעם ברענענדען פלאַם!
פערלירט קיין סעקונדע,
דען קורץ איז די שטונדע!
מיר פליסען אַוועק באַלד אין׳ם נאַכט־שווארצען ים!...

* *
*

קומט, ברידער, אַהין אין געשלאָסענע רייהען, —
דאָרט וועט נאָך אַ בלום אונזער האַרצען ערפרייען,
בענעצט מיט דעם לעבענס פאַרפומיגע טראָפענס;
דאָרט זינגט זי איהר ליעדעל בײַ׳ם פעלזען צוקאָפענס
„איך בין פון די בלומען
פון לעבען גענומען,
אָהן מיר איז ער ביטער, נאָך ביטערער ווי גאַל; —
איך בין עם די פרייהייט,
איך דיען אייך מיט טרייהייט, —
קומט, פליקט מיך, איך גלענץ, ווי אַ הימלישער שטראַהל!״



א. רייזען.

## דער נאַכט-וועכטער.

שפעט. די נאכט איז קאלט און פינסטער,
טרויעריג און נאס:
אין די הייזער רוהען אלע —
טויט און שטום אין גאס.
עלענד שלעפט זיך נאר דער וועכטער
אויף דער גאס ארום;
אין די שטילע הייזער קוקט ער
וועהמוטהיג און שטום.
דארט אין ווייכען, ווארעם-בעטעל
שלאפט זיך אזוי גוט;
אוי, ווי ווארטען זיינע ביינער
דארט זיך אויסגערוהט!
און ער קלאגט זיך פאר'ן הימעל:
וועה מיין טרויער צו:
איך אליין האב גארנישט.—היט איך
פרעמדען גליק און רוה!...



ס. שאַרקאַנסקי.

# אַ בְּרִיעף צוּ דֶער מַאמֶען.

זעהט נאָר, זעהט דעם אָרמען פעדלער
וואָס מען צופט ביי'ם באָרד!
אויף נאמנות, ער איז עדלער,
ווי דער פיינסטער לאָרד!
לאַנג זיין נאָז, און קרום דער רוקען,
זיינע גליעדער דאַר און טרוקען,
און זיין פנים בלאַס מסוכן,
דאָך אין האַרצען טיעף
וואוינט די ליעבע, און די טריי,
און זיי זענען איהם מחיה,
ער בעקומט נאָר קרעפטען נייע,
ווען ער שרייבט דעם בריעף;
„מאַמע מיינע, דרייצעהן טהאָלער
שיק איך דיר אַצונד
אין דעם בריעף, דיך טרעפען זאָל ער
פריש נאָר און געזונד.
צעהן זאָלסטו אַליין פערלעבען,
צוויי זאָלסטו דער שוועסטער געבען,
און אַ טהאָלער, ווענינ ב'לעבען,
אויף דעם ריינעם פעלד.
שרייב מיר אלע נייס פון שטעדטיל,
וואָס־זשע מאַכט די מוהמע עטיל,

ווען־זשע שיקסטו דײַן פּאַטרעט׳ל?
וואָס אַם גיכסטען מעלד!
„מאַמע מײַנע, ווי מיט פליגעל,
וואָלט איך פליהען יעצט!
חאָטש דיך זעהן, ווי דורך אַ שפּיגעל,
מיט מײַן אויג צולעצט!
אָבער וועה און ווינד די יאָהרען!
איך וואָלט אַזוי גערן פאָהרען,
נאָר איך קאָן קײַן געלד ניט שפּאָרען
אויף דעם מהלך־רב!
ווײַטער גרעהט עם מיר נישקשה,
דיר גריסט הערצליך שרה דוואָשע,
און מײַן זוהן אברהם יאָשע
שרײַבט דיר מיט זײַן כּתב.



א. רייזען.

# איצט פערשטעה איך...

איצט פערשטעה איך, וואָס די פייגעל
זינגען אַזוי לוסטיג, פרעהליך,
אין דעם גרויסען וואַלד דעם גרינעם
לעבט זיך יעדער, ווי א מלך.

יעדעם גרעזעל, יעדעם בלימעל
איז פאַר אַלע פריי און אָפען
און די וואָהנונגען בחנם —
אַלע האָבען וואו צו שלאָפען...

איצט פערשטעה איך, וואָס די פייגעל
זינגען, קלינגען — ליעב און ליעבער;
אַח, זיי זינגען, וואָס זיי ווילען,
קיינער, קיינער קוקט נישט איבער...



י. ל. פּרץ.

# אויס דִי נְבִיאִים.

## גאָט פֿרעגט.

„אַז איך בין פֿול די גאַנצע וועלט,
וואָס שטעלסט דו מיר אַ הויז?
דאַרף איך עסען, טרינקען דען?
וואָס מאַכט דײַן קרבן אויס?"

„דאַרף איך אָקסען פֿלייש און בלוט?
וואָס מאַכסט דו דיך צו לאַסט?!
צו דײַן אייגען פֿעטס און בלוט?
וואָס קומט אַרויס דו פֿאַסט?!"

„און — דײַן געבעט! וואָס ווילסט דו, מיך
אַלס שותּף צו דײַן רויב?
און בעטסט דו שוין, וואָס שרײַסט דו נאָך?
דו מיינסט, אַז איך בין טויב?"

„און אויך די הענד וואָס שפּרייטסט דו אויס?
איך ווייס זיי זענען לאַנג!
וואָס בייגסט דו נאָך דען קאָפּף צו דר'ערד —
בעהאַלטסט דו דײַן געדאַנק?"



יוסף יפה.

# מַיין זַיידֶענְס בְּרָכָה.

נאך דער סעודה פאר כל נדרי,
פלעגט מיך בענשען דאן מיין זיידע;
אויף מיין קעפּיל פלעגט ער לעגען
ויינע דארע הענד די ביידע.

צוגעטוליעט צו זיין קיטעל,
פלעג איך ציטערען און הערען
און דעם זיידענס חמארנע אויגען
פלעגען ווערען פול מיט טרעהרען.

„נו מיין קינד, איצט קום אין שול מיט;
גאט וועט אלדאס גוטס שוין געבען.
זיי א גוטער, זיי א פרומער,
שרייבט ער אן דיר לאנג צו לעבען.

און מקוים איז געווארען
אט דער טייל פון ויינע ברכות:
לעבען לעב איך אין יסורים,
כ'וויים ניט ועמען אויף להכעים,

קראנק און עלענד נאך פון קינדהייט
און אין קיין זאך קיין הצלחה,
איז מיר נְמְאָם לאנג מיין לעבען,
דאך עס גילט מיין זיידענס ברכה.

לאנגע יאהרען — און איך האב װײ,
נאר דערצו אויך לאנגע שמערצען;
יעדען טאג — א נײעם אונגליק,
נײע װאונדען אין מײן הערצען.

װײדע, האסט געמײנט צו גוטען,
און דײן ברכה האט געגאלטען,
אבער, װײדע, מיט דײן בענשען
האסט דו מיך דאך גאר פערשאלטען!

ניו-יארק,



ז. שנייאור.

# אַ שְׁטֵיין.

עָס איז געוועָן אַ נאַכט, אַ זומער־נאַכט אַ קיהלע,
אָנגעזאַפּט מיט בלאָה'ם און לבנה־שיין און ליעבע —

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

ערגעץ וואו אין גראָז בין איך געלעגען עלענד,
און געוואָלט אַ הארץ מיט וועמען זיך צו טיילען
די בענקשאַפט און די נאַכט...
געוועָן איז צו פיעל גוט, אַז איך זאָל קאָנען שווייגען,
צו פיעל פריש דאָס גראָז, אַז איך אליין זאָל שמעקען,
צו פיעל טיעף דער הימעל, אַז מיין געדאַנק זאָל דאָרטען
אומשווימען אַליין און ניט דערטרונקען ווערען.
אַ גרויסעס זומער־גליק איז אין דער לופט געהאַנגען, —
געבעטען זיך אין האַנד אריין, געבעטען זיך אין האַרצען —
אַ גליק צו גרויס, צו זיס פאַר איין נשמה צו פערדוייען.
מיט וועמען טיילען זיך איז אָבער נישט געוועזען.
אַלע האָבען פון דער נאַכט, פון גרויסען זומער־גליק
נאָר קליינע, קליינע שטיקעלעך געגנב'ט,
בעהאַלטען זיך מיט ווייב און קינד, מיט כלות און חתנים,
פערשלאָסען מיהר און לאָדען, קיינער זאָל ניט זעהען
און נאָגען דאָרטען שטילערהייד, אַז קיינער זאָל ניט הערען. —
איטליכער אין זיין קאָנורע פון זיין פיצעל נחת...

איך האָב געזוכט אַ האַרץ און האָב אַ שטיין געפונען,
עלענד אין דעם גראָז, ווי איך, איז ער געלעגען.

גארנישט געבענדיג דעם לעבען — גראָה און קאלט און הארט
האָט ער אליין פון לעבען גארנישט ניט געווארט.
איך האב איהם צוגערוקט צו זיך און צוגעדריקט מיט בענקשאפט,
ווי צו אַ שטומען ברודער מיין צוהיצטען שטערען;
פערהילעט איהם געדיכט מיט מיינע שווארצע לאָקען,
געפיהלט מיט מיינע אָדערען זיין שטיינער־הארץ,
אנגעטאפט מים מיינע נערוועז זיין גראניטנעם דופק,
איינגעזאפט אין זיך מיט טויזענד מילכלעך פון מיין הויט
זיין שווייגען און זיין הארטקייט...
און ל'האב געפיהלט אָהן ווערטער, וויפיעל וואסערען און שטראָמען
ס'האבען איהם געקויקעלט און געשליידערט,
וויפיעל רעגענס האבען איהם געשווענקט און וויפיעל ווינדען
האבען איהם פערשאָטען און צוריק ארויסגעגראָבען,
וויפיעל ווינטערען ער האט געוואוסט און וויפיעל זומער־נעכט
ער איז געלעגען עלענד, עלענד, עלענד...
ער שווייגט, ער שווייגט מיין שטיין, און איך וועל שווייגען אויך.
פון פערמאכטע לאָדען צינגלען פייערלעך מיט שפאָט,
אין פערשפארטע הייזער שוועבען הייסע פרויען־שאָטענס...
ער שווייגט, ער שווייגט מיין שטיין! און איך וועל שווייגען אויך...



י. ל. פרץ.

# מײן ניט...

מײן ניט, די װעלט איז אַ קרעטשמע – בעשאַפֿען
מאַכען אַ װעג זיך מיט פֿויסטען און נעגיל
צו׳ם שענק־פֿאַס, און פֿרעסען און זױפֿען, װען אַנדרע
קוקען פֿון װײַטען מיט גלעזערנע אויגען,
פֿערחלשט און שליגגען דאָס שפּײַעכ׳ן און ציהען
צוזאַמען דעם מאָגען, װאָס װאַרפֿט זיך אין קרעמפּפֿען –
אָ, מײן ניט, די װעלט איז אַ קרעטשמע!

מײן ניט די װעלט איז אַ בערזע – בעשאַפֿען
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שװאַכע,
זאָל קויפֿען בײַ אָרימע מעדלעך די בושה,
בײַ פֿרויען די מיך פֿון די בריסטען, בײַ מענער
דעם מאַרך פֿון די בײנער, בײַ קינדער דעם שמײכעל,
דעם זעלטענעם גאַסט אויפֿ׳ן װאַקסענעם פּנים – –
אָ, מײן ניט, די װעלט איז אַ בערזע!

מײן ניט, די װעלט איז אַ הפקר – בעשאַפֿען
פֿאַר װעלף און פֿאַר פֿוקסען, פֿאַר רויב און פֿאַר שװינדעל,
דער הימעל – אַ פֿאָרהאַנג, אַז גאָט זאָל ניט זעהען;
דער נעבעל – מען זאָל אויף די הענד דיר ניט קוקען;
די ערד – אײַנצוזאַפּען דאָס בלוט פֿון קרבנות –
אָ, מײן ניט די װעלט איז אַ הפקר!
די װעלט איז קײן קרעטשמע, קײן בערזע, קײן הפקר!
געמאָסטען װערט אַלעס, געװאויגען װערט אַלעס!

קײן טרעהר און קײן בלוטיגע טראָפּען פערגעהען,
אומזיסט ווערט קײן פונק אין קײן אויג ניט פערלאָשען!
פון טרעהרען ווערט טײַכען, פון טײַכען ווערט ימים,
פון ימים — אַ מבול, פון פונקען — אַ דונער, —
אָ, מײן ניט, לית דין ולית דין!...

# אויגען און ליפּען.

איהרע אויגען, איהרע ליפּען —
אויף דער וועלט צוריהמען.
זענען פײַלכען דען און רויזען
נישט די שענסטע בלומען?

פײַלכען זענען איהרע אויגען,
און זײ לײַכטען, ווארעמען.
דאָך די רויזען־ליפּען שעלטען,
זאָל זיך גאָט ערבארעמען!...

# אמת און שקר.

שקר — שטעהט — אין לו רגלים,
אָבער אמת זי האָט פיס.
פאָרט דער שקר אין קארעטען,
און דער אמת געהט צו פיס.

פון די פיס דאָך פאלט דער אמת,
ווי ברליאַנטען — היהנער אויגען;
קוים זי שלעפּט זיך, און דער שקר
פליהט זיך „נאַשפּיץ״—פײַל פון בויגען...

און בעשפּריצט זי מיט דער בלאָטע
און דערלאַנגט איהר מיט דער בײַטש;
און די גאסען־יונגען לאַכען:
ווײַס וואָס „נאַבאָק״ איז דער טײַטש!...

# מײַן שטעדטיל.

אין קעניגרײַך פּוילען
האַרט בײַ דער גרענעץ
ליגט זיך מײַן שטעדטיל
גרויס ווי אַ גענעץ.
און קוים וואָס מען זעהט עס,
מען הערט עס אויך זעלטען,
הײַזלעך ווי ניסלעך,
פון שמות געצעלטען
אין גאַנצען אַ צעהנדליג
צו צעהלען אויף פינגער,
עס בײַסען די ציגען
די דעכער פאַר הונגער!
און שטיל ווי אַ קברות,
מענשען ווי מתים,
קײן גאוה, קײן תאוה,
מע׳לעבט פון תעניתים...

— — — — — — — — — — — — — —

און גאָט האָט מײַן שטעדטיל
נאָר ראַפּטאָם בעגליקט,
ער האָט איהר פון הימעל
אַ מחיה געשיקט:
געקומען אַ דײַטשיל,
וואָס האַנדעלט מיט תבואות,
וואָס צאָהלט אַלץ אין באַרען!...
און מאַכט ניט קײן שהיות!...
עס הויבען אָן האַנדלען
נאָר שוחטים, דיָנים,
עס לויפען, עס קויפען
מלמדים, בטלנים...

אַלעס אין סחורה,
פון פּאַרשוס אַ רעגען!
און פויערען מיט פוהרען
פערלעגען די וועגען,
מען דאַרף נישט בעקוקען...
געקויפט און געשטעלט...
עס שיטען אָן יידלעך
פעסער מיט געלד!...
אַח, ווער געדענקט
אזאַ גאָלדענע צײַט?
מען טראָגט אין דערוואָכען
נאָר סאַמעט מיט זײַד...
און חתונות מאַכט מען
טאָג טעגליך כסדר;
בעוואָרפען די שנײַדער
מיט חתונה־קלײַדער;
עס זענען אָהן הענד שוין
די בּלי־זמר געבליבען,
די חופה צעריסען
די שטאַנגען צעריבען...
עס האָט שוין דער בּרחן
קײן כח צום לאַכען,
מען קריגט שוין קײן וואַקס ניט
הבדלות צו מאַכען.
לעקאַך פאַר ברויט שטאָדט,
און ניט פּאָמעראַנצען!...
עס קאָכט ווי אַ קעסעל
דאָס שטעדטעל אין גאַנצען!...

— — — — — — — — — — — — — —

# כ׳האב קיין געלד.

כ׳האב קיין געלד און קיין פערמעגען,
ס׳איז ניט שרעקליך!
כ׳האב קיין סאמעט און קיין אטלעס,
האב איך רויטע בעקלעך!

כ׳האב קיין שפיצען, קיין ברעליאנטען,
ווייס איך וואס זיי טויגען!
כ׳האב א האלז אַנ׳אלבאסטער,
צוויי בריליאנטען אויגען!

כ׳דארף קיין פעריל, זעהט די ציינדלעך,
אח, ווי זיי געפעלען!
און די יונגע פרישע ליפלעך
זענען מיינע קרעלען!

פעהלט מיר געלד דען? זעהט די לאָקען!
און וואס גליק איז — ווייס איך.
לאָזט מיך לאַכען, לאָזט מיך לעבען,
לוסטיג לעבען היים איך!

---

# פאלקס-מאטיוו.

שטיינערנע פאלאצען,
אייזערנע באלקאנען
טרעפ פון ווייסע מארמאר,
גאָלדענע סאלאָנען;

קריסטאלענע שוויראנדאָלען
בלאנקען דורך די שויבען...

דאָרט וועט מיין געליבטער
זיך א כלה קלויבען!

זיך א כלה קלויבען,
שענער און געזונטער,
און איך וועל דאָ פוילען,
ווי א בלאט אום ווינטער...

בַּר־כַּהַן.

# אַ קְרֶעמֶער.

אַ קרעמער — אַ שפּאַן,
אוּן פֿאָלקערלעך צווייַ,
אוּן סחוֹרה פֿאַרהאַן
איז היבּשע אויף זייַ. —

אי הערינג, אי מעהל,
אַ פּעקערע טהייַ,
אי זעמעל בּייַ'ם שוועל,
אי קעז צווייערלייַ.

אוּן פּוּטער נאָר פֿריש,
אוּן פֿעפֿער, אַנ'אייַ;
אוּן טשוועקעס, אוּן ניס,
אוּן קויהלען, אוּן קרייַ...

נאָר לעזוּנג איז קנאַפּ
מיט מזוּמן פֿאַר זייַ —
אַ חאַפּ אוּן אַ לאַפּ
איף אַ וואָך אוּן אויף צווייַ...—



# אַ הַצְלָחָה פוּן גָאט.

בּיז דרייַצעהן איןְ חדר
אוּן נאָכדעם אין מנין,
— דיִם לערנען געמאַכט פֿאַר אַ פֿאַך;
צוּ פֿערצעהן אַ מתמיד,
צוּ זעכצעהן אַ קנין,
אוּן נדן געננוּמען אַ סך...

צווייַ הוּנדערטער גרייַטע,
אויף נאָך צווייַ אַ קוויטעל,
אַ ווייַבּעל מיט יידישען חן —
ניט קלוּג אוּן ניט נאַריש,
אַזוֹי זיך, — האלב — מיטעל,
אוּן שווער אויפ'ן פּוּס ווי אַ שטיין...

און גאָט האָט געשיקט מיר
אין „בלוט" נאָר די ברכה ...
און „גוטץ" — זאָגט ער–געהם זיך אַליין! —
„דו טהו! — איך ווער שיקען
אין „טהון" די הצלחה,
כ'ווער בענשען דיין „זיצען", דיין „געהן"!

און קנעלען געזעצט זיך,
גאָר ווייניג גע'טענה'ט ...
און טאַקי ביי'ם שווער נאָך אין הויז;
און פאַלט מיר אין קאָפּ ווען
אַ שידוך אַריינעט,
דאָ געה איך און פיהר זיך איהם אויס ... —

# אַ שְׁוֶועסְטֶער.

אַלט איז זי דרייסיג,
און זאָגט אַז נאָר צוואַנציג,
און חלומט און רעדט אַלץ
פון עפּעס אַ פראַנטיג,
וואָס קומט צו דעם ברודער
פערבערענגען, אַ שטיינער,
פערדרעהט זיך, פערזיצט זיך
ביז שפּעט אויפ'ן זייגער...
און רעדט ער, איז פּשוט
מחיה צו הערען;

און מעהר ווי צו'ם ברודער
„צו איהר"... וואָלט זי שווערען;
און נאָכדעם אַלץ ווילט זיך
נאָר שווייגענדיג קלערען,
און וויינען ביז לאַכען,
און לאַכען ביז טרעהרען...
נאָר אומרוהיג איז זי,
וואָס טיילמאָל פערגעסט ער
און רעדענדיג וואַרפט ער
אַנ'אויג אויף איהר שוועסטער...

# זעהסטו.

זעהסטו — עס קנייטשען זיך,
— קירצען זיך טעג?
— דאס קרייבט זיך דער זומער
דער ליעבער אין וועג: —
זעהסטו דאס בוימ׳ל
ווי טרויעריג עס קוקט?
— דאס האט זיך שוין נאהענט
דער הערבסט צוגערוקט! —

זעהסטו א שנירערלע
ציהט זיך דארט וויים?
— די שוואלבען צופליעהען!
— עס בייט זיך די צייט!
אויפ׳ן הימעל א וואלקען,
אויפ׳ן הארצען א שטיין,
— ניט לאז, אח, געליעבטע,
האטש דו מיך אליין!... —



# עס פליהען די יאהרען.

עס פליהען די יאהרען,
עס קריכען די טעג,
אך, קורץ איז דאס לעבען,
און ס׳ציהט זיך דער וועג! —

א זומער, א ווינטער,
א חשך, א שטראהל;
א בליה און א טריקען,
א הויב און א פאל...

א הימעל מיט שטערן,
א נעבעל ארום;
א הארץ מיט געפיהלען
און שטיק זיך, און שטום!...



אברהם וויעוויארקא.

# דאס מידעל.

(פאלקס מאטיוו).

כ'איז געווען א מעדעל
מיט אויגען — פייער, שווארץ,
און האט געהאט דאס מעדעל
פול מיט היץ א הארץ...

א פורע האנד מתנות
האט גאט בעשענק דאס מעדעל,
אויסער זאכען צוויי פערפעהלט:
ברויט אשטיקעל, און א קליידעל...

און עס צוקט דאס הערצעל;
דער הונגער נאגט און נאגט.
און די קניע זי ציטערט:
עס יאגט דער פראסט און פלאגט...

. . . . . . . . . . .

געהאלפען ווערט דאס מעדעל,
דען גאט איז הארציג, ווייך,
און ער זאגט צו'ם מעדעל:
„זעה, איך מאך דיך רייך!...

„כ'האב דיר א הארץ געשענקט,
„און אויגען פול מיט פייער,
„געה אין גאס, א, געה און רוף:
„הארץ, קונים, פאר א דרייער!
„אויגען פאר א גראשען,
„פאר א קאפיקע ברוסט!...
„געה, דיר וועט עס גליקען,
„וויל מענשען האבען לוסט"...

עס רופט אין נאָס דאָס מעדעל:
„קויפט סחורה, גאָר א פראַכט,
פון דער בעסטער פירמע;
פון נאָט אליין געמאַכט!"...

און עס קויפען מענשען,
(מענשען זענען גוטע,
און נאָך, צו קויפען סחורה
טייערע, פאַר א פרוטה...)

צובראָקעלט איז דאָס הארץ,
די ברעקלעך מענשען קויפען;
א פסוק שעפטשען פרומע,
שפייען אוים – אנטלויפען...

דאַמאָלט, פול יסורים,
ניט א זיפץ דאָס מעדעל,
און די לופט, זי ענטפערט:
„אלץ איבער א קליידעל"...

. . . . . . . . . . .

געשטאָרבען איז דאָס מעדעל
אין א שטאַל פון פערד,
און אומזיסט בעקומען –
האָט זי פיער איילען ערד...

שאַ – שטיל אָהן קדיש ווערט
נאָט'ס סחורה דאָרט בעגראָבען,
(זאָרגט ניט, מענשען, זיפצט ניט, –
אנדערע וועט איהר האָבען!...)

. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . .

די לעצטע שויפער אויפ'ן קבר,
האט צוגערעקט דאס מעדעל,
די לופט, זי האט געברומט:
„א קרבן פון א קליידעל!"...

. . . . . . . . . . .

ס'איז געוועזן א מעדעל
און האט געהאט דאס מעדעל
ברוסטען — צוויי ווארקאנען,
פול מיט היץ א הארץ..



ה. ד. נאָמבערג.

# אױ װעה און חַא־חַא־חַא, אױ אױ.

## I.

אַ שאָטען איז דעם מענשענס לעבען, —
אױ יאָ! עס איז אַזױ.
ער יאָגט דאָס גליק און טרעפט דאַנעבען
און יאָגט און פאַלט, אױ־אױ!
חאַ־חאַ! ער יאָגט און לױפט!
אױ װעה! דאָס גליק אַנטלױפט!
די צײַט
פערגעהט;
אַלײַן
בלײַבט שטעהן
דער מענש און זעהט: דער קאָפּ איז גרױ!
ער פרעגט ערשטױנט: „װאו איז דער ציעל?"
און לאַכט מיט גאַל: „דער סוף פון שפּיעל!"
אױ־װעה און חאַ־חאַ־חאַ, אױ־אױ!

## II.

די װעלט איז נאַריש און פערדאָרבען, —
אױ יאָ! עס איז אַזױ.
זי האָט פיעל האָב און גוטס ערװאָרבען
און נױט — נאָך מעהר, אױ־אױ!
חאַ־חאַ! דאָס געלד בעגליקט!
אױ־װעה! די נױט דערשטיקט!

איך שעלט
די וועלט
מיט האק
און פאק
און טראכט דערביי מיר שטיל אזוי:
און שלאגט די וועלט זיך קאפ און וואנד,
בלייב רוהיג, הארץ! זיי קלאר, פערשטאנד!
אוי־וועה און חא־חא־חא, אוי־אוי.

## III.

מיין מעדעל איז א ליעד פון ליעדער
אוי יא! עס איז אזוי.
א קרוין א קאפ, געטאקטע גליעדער,
און אויגען צוויי — אוי־אוי!
חא־חא! זי לאכט און שטיפט;
אוי־וועה! זי בייסט מיט גיפט!
איהר בליק
גיעט גליק,
זי קושט —
דערפרישט,
איהר מילדקייט איז פריה־מארגען טהוי —
דאך שפיעלט זי יעצט אויף יענעמ'ס שוים!
זיי רוהיג, הארץ, און לאך דיך אויס!
אוי־וועה און חא־חא־חא, אוי־אוי!



ד. פרישמאַן.

# די נאַכט איז שטיל.

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז בלוי —
מיר ביידע געהען צוזאַמען;
עס שלאָפען שטיל די גאַסען שוין,
נאָר שטילע שטערען פלאַמען —

און בלוי די נאַכט, און שטיל די נאַכט,
די שאָטענס טהוען זיך יאָגען!
איך הער דעם ווידער־קול ביים געהן,
דיין האַרץ, איך הער עס שלאָגען.

זיי רוהיג קינד, לאָז רוהיג זיין
דיין אויפגערעגט געוויסען!
דער טאַטע שלאָפט, די מאַמע שלאָפט —
און וועלען גאָרנישט וויסען.

מיר געהען שטיל! מיר זעהען נאָר,
דער בין געהט, דער אַלטער;
ער געהט נאָר מיעד, און אין דער האַנד
אַ שווערען ספר האַלט ער.

דער אַלטער איז אַ גוטער מענש
און וועט אונז נישט פער'מסר'ן —
זיי רוהיג, קינד, און האָרך, ווי שען
עס רוישען שטיל די וואַכערן.

דער אַלטער געהט אין שול אַריין,
ביינאַכט לערנט ער דאָרט תּורה,
און אונזער סוד נעהמט ער מיט זיך
אַך, קינד, וואָס האָסטו מורא?

און אונזער סוד בּעגראָבּט ער דאָרט
אַריין אין זיינע ספרים —
זיי זענען פאַר אַ זעלכען סוד
גאָר היילינג־שטילע קברים.

און פון די שטילע ספרים וועט
דער סוד צום הימעל פליהען,
און פאַר די פּיס פון'ם גוטען גאָט
וועט ער זיך פאַר אונז מיהען.

# זעקס.

(אַ דראַמע אין פיער אַקטען).

שען־צירעל זיצט ביי'ם פענסטער
און מאַכט אַ שטיקעריי. —
זעקס לאָקען אויף דעם שטערען,
פון יעדער זייט צו דריי.

אַ בּחור, רויט פאַר ליעבּע,
קומט פון דער גאַס פאַרביי: —
זעקס הערעלעך די וואָנסע —
פון יעדער זייט צו דריי.

דער בּחור מאַכט מיט צירלען
אַ גאַנצע ליבּעריי: —
ער וואַרפט איהר צו זעקס קושען —
פון יעדער זייט צו דריי.

דער טאַטע זעהט און כּעס'ט זיך
און שרייט געוואַלד: איי—איי!
און גיט באַלד זעקס דעם בּחור —
אויף יעדע באַק צו דריי.

ש. פרוג.

# מיט וואָס איך בעשעפטיג זיך.

מיט וואָס איך בעשעפטיג זיך? – עט,
אַ שאלה כ׳רעכען... קלוג גערעדט!
פרעגט בעסער: מיט וואָס ניט?...
ביי מיר אין קרעמיל קאָכט און זידט –
אַ האַנדעל – אַ יריד!...
ביי מיר בעקומט איהר מעהל און באָב,
אַ לולב, און אַ טשאָלענט טאָפּ,
אַ פאָהן אויף שמחת תורה
און אַלץ די בעסטע סחורה!...

דער קאָפּ פערדרעהט...
איך בלייב אָהן הענד...
דער האַנדעל געהט,
דער האַנדעל ברענט...

מיט פעך,
מיט בלעך,
מיט האָלץ, מיט גלאָז
מיט פויגעל-מילך, מיט יקנה״ז,
מיט טשוועקעס, מיט קמעות,
וואָס העלפען באַלד צו וואָס איהר ווילט,
סאַי אָבגעבריהט און סאַי פערקיהלט, –
איך שווער אייך ביי באָרד און פאות...

וואָס ווילט איהר נאָך? אויך האַנדעל איך
מיט בשמים, מיט חליצה שיך,
מחזורים און סדורים
און גריינערס אויף פורים,

מיט זאַלץ,
מיט שמאַלץ,
מיט ווינד, מיט רויך,
און מיט אתרוגים אויך,
מיט וויין,
מיט ליין,
מיט וואַקס,
מיט פלאַקס,
מיט אַלע מינים תבואות,
מיט פרישע גרינס אויף שבועות,
ביי מיר בעקומט איהר עסיג טהיי,
טלתים קטנים אַלערליי,
און זייף, און יאַרמעלקעס און היי,
און אויב איהר ווילט הבדלות
לאַנגע ווי דער גלות.
אַ כלל—איך טאַפּ
און זוך און חאַפּ,
און דרעש און מאָהל,
און פרוב און קלייב,
און שטאַרב דריי מאָל
מיט קינד און ווייב
אין קרענק אין פלאָג,
אין נויט, אין קלאָג,
פאַר הונגער יעדען טאָג!...



## רבי=געלד.

מלמדים האָב איך אַלערליי...
דערמאָהנענדיג זיך נאָר אין זיי

פערהאַפט מיר אזש דער אָטהעם...
צוויי טויזענד יאָהר, אז אָהן א שיעור
צוויי סדרות לערנען זיי מיט מיר:
אָי, „בלק“ און „משפטים“!...
וואס אָבגעקאָכט האָט רבי־געלד,
און ווי מען האָט געשמיסען,
בערעלענע־נעהמט מיך דורך א קעלט...
ניטאָ דער קאַנטשיק אויף דער וועלט,
וואָס כ׳זאָל זיין טעם ניט וויסען...
גענוג געהאַפּט אי קלעפּ, אי שמיץ,
גענוג געפיהרט אי קעלט, אי היץ,
און צרות אָנגעקליבען...
גענוג געקנעלט מיט מיר—און דאָך
א חדר־יינגעל בין איך נאָך
ביז איצט, ביז איצט געבליבען!...
ניט געקלערט און ניט געטראַכט —
וואָלט איך הערען טאָג און נאַכט
באָבע מעשות־לידלעך.
פון דער ווייסע ציגעלע
אונטער אונזער וויגעלע,
פון די רויטע יידלעך...
זיסע מעשות אָהן א צאָהל
פון משיח׳ס צייטען,
ווען מיר װעלען אויך אַמאָל
ווערען גלייך צו לייטען, —
וועלען טרינקען זיסען וויין,
רענדלעך וועלען אונז אַריין
טויזענד גלייך אין בייטעל...
און אָזוי אָט נעהמט עס, אָה!
ביז איך האַב א גוטען שטאָך
פון דעם רבינ׳ס טייטעל!...

—⁂—

# צְוֵויי בִּילְדֶער.

Neue Zeiten—neue Voegel
Neue Voegel—neue Lieder.

I.

איהר געדענקט די אלטע זאנגע,
ווי א מאָל, א מאָל פארצייטען
פלעגען מיר דעם טאָג פערברענגען,
וועלכער הייסט ביי אונז „יום-כפור“?

* * *

אין די גערטנער פון יריחו,
אין די גרינע פאלמען-גערטנער,
קלינגען טרפען און טראָמפעטען,
שאלען זיסע, יונגע שטימען;

זיסע פרויען-שטימען קלינגען
און זיי פליעסען העל און פרעהליך,
ווי א קלאנג פון זילבער-גלעקער
אויף די פרישע בלומען-שטאָקען:

— „קומט אהער, אהער, בחורים!
קלינגען יענע ליעבע שטימען:
קוקט, דאָ זענען אלע שענסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו.

ווי די פאלמען, הויך געוואקסען,
פריש און דופטענד ווי די רויזען,
אלע שענסטע, אלע ליעבסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו.

קומט אהער, אהער, בחורים!
קלייבט אייך, קלייבט אייך כלה'ס...
אָבער

קוקט ניט נאָר אויף אונזער יוגענד,
וועהלט ניט נאָר אליין די שענהייט,

ווייל די יוגענד וועט פערבליהען,
און פערגעהן וועט די שענהייט;
בלייבען וועלען גוטע זיטען,
בליהען עביג וועט די טוגענד.

גוטע זיטען, טיעפע ליעבע,
פיינע, עדעלע געפיהלען —
דאָס איז אונזער גרעסטעס רייכטהום,
דאָס איז אונזער בעסט' פערמעגען!...

שווארצע לאָקען, ווייסע קליידער,
שהינדלען, פלאַסטערען פון ווייטען,
דורך די גרינע פאלמען-צווייגען,
דורך די פרישע בלומען-שטאָקען,

אלע גלייך געקלייד — אין גלאטע,
ווייסע קליידער. לויט דעם מנהג,
פלעגען דאמאָלס זיי די קליידער
באָרגען אייגע ביי דער צווייטע:

ס'זאָל ניט זיין ניט רייך, ניט
אָרעם,
ניט קיין גדלות, ניט קיין בושה...
אלטע צייטען — אלטע בילדער,
אך, זיי זענען שוין פערגאנגען!...

II.

נייע צייטען — נייע מענשען,
נייע מענשען — נייע בילדער:
העל און ליכטיג איז דער גרויסער
שענער טאנץ-זאל אין „סאָבראַניע“.

אין דעם גרויסען, שענעם טאַנץ-זאל
זאמלען זיך צונויף צו'ם „אבענד"
אַלע שענסטע, אַלע בעסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו;

אלע פיינסטע, אַלע בעסטע,
שענסטע טעכטער פון יריחו,
פון יריחו און פון חברון,
פון בערדיטשעוו און פון קאָוונאָ:

פּריילין מאַריאַ פּסחאָוויטש,
נאַסטיאַ קאַפּהאָן, פּראָסיאַ למך,
און די שענע איזאַבעלע,
איזאַבעלע לאָקשן-צימעס.

אַלע זענען זיי געקליידעט
נאָך דער לעצטער, שענסטער מאָדע,
און זיי זינגען גאָר אַנ'אַנדערש,
גאָר אַנ'אַנדערש, נייעם ליעדעל:

„קומט אהער, אהער חתנים! —
זינגען מאַריאַ, נאַסטיאַ, פּראָסיאַ,
און די קלוגע איזאַבעלע,
איזאַבעלע לאָקשען-צימעס:

„— קומט אהער, אהער, דאָקטוירים,
אינזשעניערען, אדוואָקאַטען,
מיט נאַשיוּוקעס, מיט קאָקאַרדעס,
מיט דיפּלאָמען, אַטעסטאַטען;

נעהמט אונז, גוואַלד, אוי, האָט רחמנות,
נעהמט אונז, חאַפּט אונז!... אַך, מיר אַלע
זענען גרייט מיט איַיך צו לויפען
אין גן-עדן און אין גיהנום...

נעהמט אונז, חאַפּט, היַלט-איַין, פערוויקעלט
אונז אין זייד, אין סאַמעט, אַטלעס,
קויפט אונז לאָושען אין טעאַטער,
פיהרט אויף באַלען, מאַסקאַראַדען.

אונזער הוט זאָל זיין אַ גאַנצע
סקירדע בלומען, — שיינען, בליטצען;
גאַנצע גענז און גאַנצע העהנער,
זאָלען דאָרט פון אויבען זיצען,

אונזער קלייד זאָל זיין פון אַלע,
אַלע קליידער שענער, בעסער;
אונזער שלעפּ' — פון אַלע לענגער,
דער טורניור — פון אַלע גרעסער, —

אונזער אָנצוג, אונזער צירונג
זאָלען גלענצען ווי די שטערען —
אַלע אונזערע בעקאַנטע
זאָלען אַ כפרה ווערען!..."

און ווי ווייטער, און ווי ווייטער. —
זינגט דאָס ליעדעל, ליעבע ברידער! —
נייע צייטען — נייע מענשען,
נייע מענשען — נייע ליעדער

נייע נעמען, נייע הערצער,
נייעס און נייעס פון אַלע זייטען,
איינס נאָר איז ביי אונז געבליעבען
פון דעם מנהג פון פאַרצייטען,

איינס, אַ קלייניגקייט: די קליידער,
ליעבע פריינד, די פיינע קליידער,
מיט דער צירונג, מיט די בלומען
זענען אָפט... אויף באָרג גענומען!...

# שִׂמְחַת תּוֹרָה.

„שִׂמְחַת תּוֹרָה – האָפּעניו!
מיט'ן פּים אַ קלאָפּעניו,
מיט'ן צונג אַ קנאַקעלע –
און אין הארץ ... אַ מַכָּה'לע ..."
(אַנ'אַלט פאָלקס-ליעדעל).

פרעהליך און פריש
זעצט זיך צום טיש,
מאַכט סעודת-מלך,
קוויקט זיך און טרינקט,
יידעלעך, זינגט
לעבעדיג, פרעהלעך!

אָהן וואָג און אָהן מאָס
אַ כּוֹס נאָך אַ כּוֹס –
האָט ניט קיין מוֹרא,
קוויקט זיך און טרינקט,
יידעלעך, זינגט
לכבוד התּורה! ...



אַך, יידישע שמחות
און יידישע ליעדער!
זאָגט, זאָגט מיר, איך בעט אייך,
ערקלערט דאָס מיר, ברידער:
פאַרוואָס ווערט פון זיי אַזוי שווער?
דאָס הארץ ווערט פאַרקלעמט,
דער קאָפּ ווערט געבויגען,
און אָפט גאָר ניט ווילענדיג,
טריעפט פון די אויגען
אַ הייסע, אַ ביטערע טרעהר? ...
פיעל מאָל האָט דאָס גליק אונז
זיין פּנים געוויזען,
די זון פון נצחון
געשיינט און געבליצט;

מיר זענען געוועזען
שטארק ווי די ריעזען —
און דאך, ברידער, האבען
מיר נאך ניט ביז איצט:
קיין איינציגען יום־טוב,
וואס זאל ניט דערמאהנען
אויף אונזערע ארטע,
צעריסענע פאהנען,
אויף אונזער צעבראכענע שווערד,
אויף יענע גבורים,
וואס זענען געשטארבען,
אויף יענע מזבחות,
וואס ליגען פערדארבען,
צושטויסען, צושפרייט אויף דער ערד;
קיין ליעד, וואס זאל האבען
צוויי פרעהליכע ווערטער,
צוויי ליכטיגע ווערטער,
וואס זאל זיך אין זיי
ניט הערען קיין ביטערער
בייזער געלעכטער
פון שאנד און פון וועהטאג
קיין ווילדעס געשריי...



גרויסער, ליעבער יום־טוב, שמחת־תורה!
הויך און ליכטיג שיינט דיין העלער שטערן.
פאר אזעלכען יום־טוב, חאטש פאר איינעם,
איז כדי צו פאסטען צעהן תעניתים...

# רעגען און ליכטיג איז דער הימעל.

רעגען און ליכטיג איז דער הימעל;
פריש און פרעהליך וועהט דער ווינד...
—„זינג מיר, זינג אַ זומער־ליעדעל!" —
בעט דאָס שוואַכע, בלייכע קינד:

—„קום מיט מיר אין טהאָל, אין גאָרטען,
פלעכט אַ קרענצעלע מיר אויס
פון די בלומען, וועלכע וואַקסען
דאָרט און בליהען, שען און גרויס..."

אַך, מיין קינד! דו זעהסט? — צעבראָכען
הענגט מיין האַרפע אויף דער וואַנד;
אָבגעוואָהנט שוין לאַנג פון שפּיעלען
איז מיין שוואַכע, קראַנקע האַנד;

אָבגעוואָהנט פון זיסע פריידען
איז שוין לאַנג מיין קראַנקעס הערץ.
זומער, ווינטער, הערבסט און פריהלינג
בלייבט אין איהם דער אַלטער שמערץ.



י. ל. גאָרדאָן.

# עִכּוּב הַקְרִיאָה.

(אַ מעשה פון פערציגטען.)

צו ענדע איז די שמונה עשרה, די הויכע,
עס איז שוין נאָך חזרת הש"ץ;
דער חזן האָט שוין אויסגעקרעהט „אין כמוך!"
דער שטענדער האָט בעקומען דעם פּאַטש;
דער שמש האָט שוין פאַרקויפט די עליות
פאַר דרייצענטהאַלבען גילדוין —
נו, טאָ וואָס וואַרט מען, וואָס מאַכט מען שהיות,
פאַרוואָס נעהמט מען ניט אויס שוין?

אפשר איז נאָך דער רב, רבי בירך,
שמונה עשרה ניט אויסגעגאַנגען?
אָדער איז ער אופן צורך
אויף דרויסען אַרויסגעגאַנגען?
ניין, דאָרט לייכט זיין כשרה צורה
דורך די זילבערנע עטרה אַרויס,
דער רב איז דאָ, אַלין אוז בשורה,
טאָ פאַרוואָס זשע נעהמט מען ניט אויס?

ביים אָרון קודש אויף די טרעפּלעך
שטעהט אַ אשה און טרעט ניט אָב;
די באָרוועסע פיסלעך, די נאַקעטע קעפּלעך. —
דאָס זענען איהרע קינדער חוי באָב
זי האַלט מיט ביידע הענד דעם פרוכת
און פון אָרון קודש די טהיר
און שרייט און וויינט מיט אַלע כוחות,
די קינדער שרייען מיט איהר;

„וואָס האָט איהר רוצחים, גוואלד, באַנדיטען,
„אויף מײַן לעבען זיך אָנגעזעצט?
„פאַרוואָס האָט איהר מײַן זוהן, דעם דריטען,
„אין קאַזאַרמע אַרײַנגעזעצט?
„צוויי זיהן מײַנע, דורך פאַלשע נעמען,
„האָט איהר שוין פאַרטיג געמאַכט,
„און איצט ווילט איהר לאָזט איהר נעהמען
„דעם דריטען הײַנטיגע נאַכט?

„פאַראיאָהרען ערב ראש השנה,
„האָט מיר געטראָפען די קויל —
„מיט פינף עופעלעך זיי'נ'אַלמנה...
„ניט זונדיגען זאָל מײַן מויל!
„נאָך זלמנ'ם טויט ניט יאנקעל לעבען
„אונז דאָס שטיקעלע ברויט.
„איצט ווילט איהר איהם נאָך אויך אָבנעמען —
„גיט בעסער אונז דעם טויט!

אַזוי שרײַט ציפע, וואָס האַלט דעם שאָמער,
ווי מען שרײַט אין באָד אויפ'ן פּאָל.
איהר אַנטקעגען פון אַלמעסער
הערט זיך נאָך אַ קול:
דאָרט שטעהט אַ ווײַביל, אָבגעריסען,
בלייך און קראַנק, האַלב בלינד,
און אויפ'ן שולחן אין אַ קישען
ליגט אַ נפל קינד.

צײַט איהר קינפּעט איז צוויי וואָכען
און נאַנצען נאָך ניט פול,
זי איז פון בעט אַרויסגעקראָכען,
געקומען קוים אין שוהל.
איז זי אפשר פון גרויס צדקות
פון בעט אין שול געקומען?

גײַן, די חאַפּער האָבען גיטקים
מאַן די נאַכט גענומען.

„אַ בן יחיד – טענה'ט זי – בײַ זײַן פֿאָטער
„איז אָרטשיק דאָך מײַן מאַן,
„דאָס ער איז פֿון רעקרוטען פּטור,
„האָט מען מיר אײַנגעשאַצט אין נדן;
„נאָך אונזער חתונה, דאָס ווײס די געסעל
„איז נאָך ניט קײן יאָהר
„אין אַ יונגער בעל הבית'ל
„איז דאָך פּטור פֿון נאַבאָר.

„וואָס טהו איך איצט? מיט מיר איז אַנ'עק!
„וועה צו מײַנע יאָהרען!
„פֿערגאַנגענע נאַכט פֿון גרוים שרעק
„האָב איך די מוילך פֿערלאָרען!
„זאָל איך מײַן קינד דערטרינקען? פֿאַרסמען?
„לעבעדיג אין קבר לײגען?
„אָהן אַ טאַטען, אָהן אַ מאַמען –
„לאָז קהל דאָס קינד זײגען!

צווישען די שטענדערס ווערט גערודערט –
וואָס איז דאָרטען פֿאַר אַ לײַט?
די הויטעל פֿערקעהרט די האָר צופּודערט.
די קאַפּאָטע אויף דער לינקער זײַט,
איז ער מיט העזה אַרײַנגעלאָפֿען
אין לויפֿט גלײַך אויבען אָן
וואו צווישען מזרח אין צווישען צפֿון
שטעהט דן גילדערנע פּאָהן.

דאָרט שטעהט אַ ייד מיט צוויי מזרינות –
ער הײסט ר' איציק, ר' בער.
ער וואָהנט מיט'ן רב אין נאָהנטע שכנות,
דער גבאי איז זײַן שווער;

ער איז אַליין אויך אַ שטיקעל לייט
אונ אַ שענער בעל הבית,
דאס איז דער סבאָרשטשיק – פון לאַנגער צייט
פיהרט ער די שטאָדט ביי דער נאָז.

צו איהם לויפט דער עזות פנים
מיט גרויס אימפעט צו!
„וואָס ווילסטו? – שרייט ער – פאַר יונגים
„אונז אַלעמען מאַכען דו?
„וואָס האָסטו גזלן געלאָזט מיין בענצען
„ברענגען אויפ'ן פרענט?
„מיינסטו בעלי מלאָכות זענען קיין מענטשען?
„מיט זיי טהוט איהר וואָס איהר קענט?

„פאַר מיין משפחה פאַר דריי יאָהרען
„האָב איך איין אָחאָטניק געשטעלט.
„איך בין בדולו דל געוואָרען,
„דאָס וויסט די גאַנצע וועלט,
„און היינט ביזטו פאַר אַ פלעשעל משקה
„איהם משנה השם, פלבונק!
„און שרייבסט איהם צו צו דער סקאַזקע
„פון חיימקע דעם ימח-שמוניק.

„בשעת איך האָב געדאַרפט איין ערוב –
„דענסטמאָל איז קיין גואל געוועזען;
„איצט איז ר' חיים מיינער אַ קרוב,
„מיין ברודער זאָל פאַר איהם געהן.
„זיינע פינף בענקאַרטעס זענען קראַנק צו דינען?
„טויגען פאַר סאָלדאַטען ניט?
איך זאָג אייך, רבותי, בלוט וועט רינען,
איהר קענט ניט שמער'ל דעם שמיד!"

אַזוי יאָמערן געבניך די בזידע ווייבער,
אַזוי ליאַרמט שמערל דער שמיד;

דער רב, דער סבאָרשטשיק, דער קהל'שער שרײַבער—
זײַ רירדט דאָס אַלץ דינג ניט.
און דעם גבאי'ס פּינף בעקאַרטעם
שטעהן זיך אויף זײער פּלאַץ,
זײַ שטעהן זיך רוהיג און זײַ ארט עס,
אַזוי ווי די גרויסע קאַץ...

זענען דאָס די זעלביגע טײַערע יידען,
וואָס איך האָב אַ מאָל געזעהן,
בשעת מען האָט בײַ טײַטש אָנקלײדען
גוזר תענית געווען?
דענסטמאָל האָט דער רב געװײנט ווי אַ ביבער,
דער סבאָרשטשיק האָט ליפּען געשטעלט,
די גבאים, שמשים, דער גאַנצער צבור
האָבען איבערגעקעהרט די וועלט—

איצט רירט זײַ ניט קלאָגען און וויינען,
זײַ זענען ווי פון שטײן,
זײַ װאָלטען נאָר גערן מע זאָל שוין לײנען
און גיכער צום טשאָלענט געהן.
זעהט איהר דאָרט ניט ר' הײמען
מיט די שפּאַקולען אויף דער נאָז?
ער זאָגט דערווײַל זיך אֲני מאַמין *)
ווי ניט איהם מײנט מען דאָס.

דער אַנדערער גבאי, ער הייסט ר' חיאָ,
דעם טלית איבער'ן קאָפּ,
איז זיך רוהיג מעביר קריאָה
אָהן עברי נאָר מיט טראָפּ.
ר' איציק ר' בער, דער אײדעם דעם גבאי'ס,
איז געגאַנגען ברכה מאַכען;

*) ווי עס שײַנט ווייסט געביך ר' חיים דער גבאי ניט, אז שבת זאָגט מען ניט קיין אני מאמין. אַנמערקונג דעם זעצערס.

וואָל ער דען הונגערן לכבוד שבת?
ער האָט פיינט אזעלכע זאכען.

דער רב זיצט זיך ווי א שררה
גאנץ רוהיג אויף זיין אָרט,
ער בלעטערט כלומרשט די גמרא
און גלעט זיך נאָר די באָרד.
נעבען איהם שטעהט ר׳ יאָקל דער דין,
– זיין מיחוש... לאָזט זיך איהם ניט זעצען –
ער שטעהט און לערנט זיך דען זין
פון ת ז ב ר ו גוט צו קוועטשען.

און ר׳ קלמעלע, וואָס זאָגט דעם שיעור –
דער איז גאָר גוטע,
ער שטעהט און וואשט די הענד ביים כיור
א גאנצע האלבע שעה;
ער זאָגט מיט כונה „אשר יצר״
און ווישט זיך אָב די האנד,
און זוכט ווען עס איז דער יום הקצר
אין לוח אויף דער וואנד...

דעם סוף פון דער מעשה ווילט איהר וויסען? –
אנ׳אויסגעבלאָזענע איי!
אומזיסט האָבען זיך די גאל געריסען
די אומגליקליכע א שעה צוויי.
דעם שטיר איז דער האלז געוואָרען טרוקען,
ער האָט צו שרייען אויפגעהערט,
דער אלמנה האָט מען געגעבען און רוקען
אראָבגעוואָרפען אויף דער ערד.

די קונפעטאָרן, אין חלשות געפאלען,
האָט מען אין פאלויש ארויסגעבראכט.
אויף דאָס קינד האָט זיך געפונען א בעלן
דעם שולחן האָט מען טרוקען געמאכט;

דער חזן האָט געשווינד אויסגענומען
אוּן געזונגען „שמע ישראל“,
אוּן אַלע זענען צוּ זיך געקוּמען,
אויפגעלעבט גאַנץ קהל.

דער בעל קריאָה האָט אָנגעהויבען צוּ קריִען
אוּן זיך שטאַרק צוּ שאָקלען,
דעם רב האָט מען אויפגערופען כּהן,
שלישי געגעבען ר׳ יאָקלען;
ששי האָט זיך גענומען ר׳ חייא
— ער האָט אַ פּעטען בּמגדול האָלט —
אוּן יעדער האָט בּעקוּמען די עליה,
פאַר וועלכע ער האָט ניט בּעצאָהלט.

אוּן ר׳ איציק ר׳ בּער האָט געלייִנט מפטיר,
מיט מתיקות, אויפ׳ן קול,
אוּן האָט געגעבען האָלץ אַ קלאַפטער
אַ נדבה אוּפ׳ן שפּיטאָל.
אוּן יאַנקלען אוּן בּענצען אוּן ניסקים אָרטשיק
האָט מען צוּם פּריאָם געשטעלט,
אוּן ר׳ איציק ר׳ בּער איז געבליבען סבאָרשטשיק,
אוּן חעלט איז געבליבען וועלט...



# וואָס איז בּיי דער אסיפה געבליבען?

„וועהט זאָגט מיר, איך בּעט אייך, מיין ליבער ר׳ גבך,
„איהר ווייסט דאָך, איך בּין אַ ישובניק אַנ׳אורח,
„מע האָט אונז געזאָגט, אייער גבאי ר׳ יוסי
„האָט די וואָך געמאַכט אַנ׳אסיפה אַ גרויסע.

„געווים האָט מען דאָרטען, איך קאָן זיך מיר דענקען,
„געשמועסט מכּח ישובים אוּן שענקען,

„מכה די איצטיגע צרות, פאגראמעס —
„מאָ זאָגט זשע, וואָס הערט זיך פאר יידען נחמות?״

— נחמות פאר יידען? איך בעט אייך מחילה!
געוועזן איז געוועזן אנ׳אסיפה אפילו,
וואָס אָבער זיי האָבען זיך דאָרטען געריסען,
אַט זאָל איך אזוי פון קיין צרות ניט וויסען.

ווי איך האָב פון דער כנופיא צו הערען בעקומען,
האָב איך מיין באקענע היטעל גענומען,
בין ווי א פערשמטער צו קהל געלאָפען,
האָב אָבער דעם אָנהייב שוין ניט אָנגעטראָפען.

אז איך בין געקומען, האָט יענקעל מיט אידלען
געהאַלטען ביי׳ם קריגען זיך שוין און ביי׳ם זידלען,
ביי זיי איז אַנ׳אַלטע מחלוקת א גרויסע,
אלץ איבער דעם פסוק פ׳ן אתה הראית.

און הלל מיט שמאי׳ן האָבען אויך זיך מיט דבקות
געאַמפערט, געפיהרט זייער אלטע מחלוקת,
אויך ניט וועגען דעם וואָס טהוט אונז איצט וועה,
נאָר אלץ וועגען דאָס אויסגעבלאָזענע איי.

ר׳ קאָפיל דער פרוש, וואָס קוקט ניט אויף ווייבער,
דער האָט זיך געפאָרסקעט מיט יודעל דעם שרייבער:
„דו מופקר, א פנים ווילסט אויך זאָגען דעות —
„א ייד, וואָס עס געהט אָהן באָרד און אָהן פאות?!״

„וואַרט, וואַרט, — שרייט דער שרייבער״ — איך זאָג אייך
פאָרמאַלנע,
איך שרייב באלד א פראָזבע צו׳ם סאַמע קוואַרטאַלניע,
דערצעהל איהם די מעשה מיט דער מעהל־קאָראָבקע,
שוין קרענק וועט איהר האָבען, ניט געלד מעהר
א קאָפ׳קע!

דער שנײַדערשער מגיד, פֿון יאַטקעװער געסעל,
האָט מוסר געדרשנת אַ יונג בעל הבית׳ל,
די שװאַרצע מאָהן האָט ער אויף איהם אויסגעשאָטען,
און דער האָט געציטערט געשטומט װי אַ שאָטען.

דורך דיר נאַר, יוננאַטש דו, דורך דיר אפּיקורוס,
אָט לײַדען מיר אַלע די צרות די גזרות!
מײנסט אפשר, טהַפֿניאַק, אַז מיר האָבען פֿאַרגעסען,
אַז דו האָסט אום פּסח — בעבלעך געגעסען?!...

נו, — האָב איך געטראַכט זיך, — אָט װײס מען שוין
קלאָרעס,
פֿון װאַנען עס קומען אַלע אונזערע צרות,
און איך האָב אויך אָקאָרסט געװאָלט זײ דערצעהלען
אַ פּאָר שענע מעשׂות פֿון מײַן שֶׁכְנתּה — קײלען;

מיט אַמאָל דערזעה איך, װי בענצע דער פֿאַרבער,
װאָס האָט זיך געהרגעט מיט לײזער דעם גאַרבער,
איז איבער דעם טלחן אַריבערגעשפּרונגען,
דערלאַנגט איהם אַ פּראַסק, אַז די װעלט האָט געקלונגען.

און לײזער דער טהוט גלײַך אַ שפּײַ אין קוראַק,
װײל בענצען צוריק שוין דערלאַנגען אין באַק;
האָט אָבער געטראָפֿען נאָר מיר אין דעם קאָפּ,
אַזוי אַז מײַן היטעל איז געפֿלויגען אַראָפּ.

װי איך האָב דערזעהן, אַז עס האַלט שוין בײַ׳ם שלאָגען,
האָב איך זיך בשתיקה געשװינד אָבגעטראָגען,
אַזוי װי די טהיר איז געשטאַנען האַלב אָפען,
בין איך אָהן אַ היטעל אַהײם זיך אנטלאָפען. —

„װאָס איז אָבער דאָרטען בײַ קהל געבליבען?
„צי האָט מען װאָס אָבגערעדט, װאָס אָבגעשריבען?

„צי האט מען געפונען אנ'עצה, א מיטעל?"
— ביי קהל?! איהר הערט דאך, איז געבליבען מיין
היטעל! — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —



# שווערע צייטען.

ניטא שוין מעהר די שענע צייט,
וואס אין ליבאוויטשער געגענד
האט עס מיט חסידים פון נאהנט און וויים
און מיט פדיונות גערעגענט;
אז אונזער רבי, דער אמת'ר ייד,
האט געוויזען גבורת הבורא,
אלול איז געווען דער גרעסטער יריד,
שיבים — די בעסטע סחורה.

ווער עס האט אמאל נאר זוכה געווען
ביי'ם רבין שלש סעודות צו עסען,
וואס ער האט דארטען געהערט און געזעהן —
צי קען ער עס צייט לעבען פערגעסען?
אז ער האט געעפענט זיין הייליגען מויל,
און תורה האט זיך געשאטען,
אדער ער האט זיך (עס חאפט מיר א גרויל!)
ראנגלען געחאפט מיט'ן שטן!

ווער געדענקט ניט דעם גרויסען קרעכץ
ביי'ם רבי'נס שיר המעלות,
א פראסק נאך לינקס, א פראסק נאך רעכטס,
מחמת גרויס התפעלות;

אַנלאָץ מיט די אויגען, אַ קוק אַרויף
אין גן עדן צו דעם אַלטען —
וועלכע נשמה און וועלכער גוף
האָט דאָס געקענט אויסהאַלטען?

דאָס איז געווען אַ שענע צײַט,
ממש מלכות בית דוד,
יידען זענען געוועזען לײַט,
פּרנסה געהאַט בכבוד;
נאָר אָהן חכמות, אָהן המצאות,
פֿאַרלעבט פֿיעל בעסער די יאָהרען,
מע האָט נאָר נעדאַרפֿט האָבען אויף הוצאות,
צו'ם רבי'ן אַריבערצופֿאָהרען.

ווער עס האָט למשל קײַן קינדער געהאַט,
האָט זײַן ווײַב צו'ם רבי'ן געשיקט,
און אין נײַן חדשים, אַקוראַט,
האָט זי איהם מיט אַ קדיש בעגליקט;
איז געווען אַ חולה אין דער משפּחה,
איז דער רבי געווען דער דאָקטער,
בײַ יעדעם עסק למזל ברכה,
געפֿרעגט דעם רבי'ן וואָס זאָגט ער:

פֿון יעדער גזרה, אין יעדער נויט,
איז בײַ'ם רבי'ן געווען אַ מיטעל;
אפֿילו פֿון גיהנם און פֿון טויט
האָט געהאָלפֿען דעם רבי'ס קוויטעל;
דעריבער זענען מיר פֿון צרות
ניט געווען אַזוי פֿערביטערט,
ווײַל דענצמאָל האָבען אַלע שררות
פֿאַר'ן רבי'ס דיך געציטערט.

אזוי האָבען יודען פאַרבראַכט די יאָהרען
אונטער זייערע פייגענבוימער,
דאָס עס וואָלט אַלץ בעסער און בעסער געוואָרען
איז געדרונגען פון א קל וחומר:
מה דאָך אַז דער רבי איז געוועזען איינער,
האָבען שיבים געקאָסט א פייעם,
ווי וואָלטען מיר שוין געגריזעט ביינער,
אַז אַלע אייניקליך ווערען רבאים?!

איצט איז אָבער אויפגעוואַקסען
א דור פון אפיקורסים,
אַלץ מיט חכמות, אַלץ מיט פאַקסען —
ווילען זיין גאָט׳ס יורשים;
מאַכען פון חסידות חוזק, טורעס,
גיעבען קיין גראָשען פדיון;
קיין יודיש האַרץ, קיין יודישע צורות —
וואָס זענען דאָס פאַר יודען?

איצט — אָך און וועה צו אונזערע יאָהרען!
מוזען נעביך די רבאים
אליין פון שטאָדט צו שטאָדט אומפאָהרען
עה זיי דערזעהן א פייעם;
און אין יעדער קהלה, וואָס זיי בעזוכען
אין יעדער קרעטשמע בעזונדער,
מוזען אַליין זיי די ווייבלעך זוכען,
וואָס ווילען האָבען קינדער.

„בילונג“, „בילונג“ דאַרפען זיי,
אין שקאָלעס מוז מען לויפען;
פאַר א שטיקעל זוהר, אַז אָך און וועה,
מעגט איהר זיי פאַרקויפען.
אפיקורסים, שקצים און טרפניאַקעס,
ווערען זאָלט איהר כפרות!

דורך אײַך נאָר האָבען מיר די מכות,
דורך אײַך די גרויסע צרות.

וואָס דאַרפֿען מיר אײַערע אײַזענבאַהנען!
אַז מיר האָבען קפיצת הדרך,
און קענען קומען צו׳ם רבי׳ן פֿון דאַנען,
צײַט אין אַ חודש בערך...
וואָס דאַרפֿען מיר אײַערע שוואַרצע קונץ,
טעלעפֿאָנען, טעלעגראַמען?
גלוי אליהו איז דאָ בײַ אונז —
אַ רוח אין אײַער מאַמען!

דאָך עצבות מאַכט נאָר מרה שחורה
חדוה — רוח הקדש;
דרום ליעבע ברידער האָט קײַן מורא,
לעבט ווי אונזערע זײדעס.
יידען זענען נאָך ניט גוסס —
האָבען געלעבט און וועלען לעבען;
קומט אַהער, גיסט אָן די כוסות —
לחיים, לחיים דעם רבי׳ן!



מיכל גארדאָן.

# מײַן צוואָה.

איך מוז פֿון דער וועלט באַלד זיך שײדען,
איך געה אין מײַנעם עביג רוה,
מיט דיר, מײַן קינד, וויל איך וואָס רעדען,
טאָ קום אהער און הער זיך צו.

געלערנט האָב איך דיר גאַנץ גענוג
פֿיעל גוטע לעהרע, פֿײַנע זיטען,
דײַן האַרץ איז גוט, דײַן קאָפּ איז קלוג,
מײַן לעהרע וועסטו בודאי היטען.

עס איז נאָך וואָס ביי מיר געבליבען
צו זאָגען דיר אין דער לעצטער שעה,
איך האָב עס דיר דאָ אויפֿגעשריבען —
טאָ זעה זשע, וואָס איך שרײַב דיר דאָ:

אַ ייד ביזטו, מײַן קינד, געבאָהרען,
טאָ בלייב אַ ייד, גאָר גוט און פֿײַן,
דער נאָמען ייד פֿון טויזענד יאָהרען
זאָל דיר קײנמאָל קײַן חרפּה זײַן.

חאָטש דו וועסט זײַן אין גרעסטען שטאַנד,
זאָל דיך דײַן נאָמען ייד ניט אַרען,
פֿיעל מענשען מאַכען איהם צו שאַנד,
גלויב מיר, זיי זענען ווילדע נאַרען.

דער נאָמען „ייִר" איז אונזער עהרע,
דער נאָמען קאָסט אונז זעהר טײַער,
עס קאָסט אונז צרות, גזרות שווערע,
איבער איהם האָבען מיר געברענט אין פֿײַער:

די גאַנצע וועלט איז גאָטעס הויז,
צום פֿרײַען לעבען איז זי בעשטעלט;
די אַלע מענשען קלײן און גרויס,
אײַן פראַווע האָבען זײ אין דער וועלט.

טאָ גיב אָב כּבוד דעם אָרעמאַן,
אַזוי ווי ער וואָלט זײַן גאַנץ רײַך,
פֿאַל ניט אַראָב פֿאַר דעם רײַכען מאַן,
וואָרום אַלע מענשען זענען גלײַך.

אויף דעם וואָס טהוט דיר דײַן מלאָכה,
ער טראָגט דיר וואַסער, ער האַקט דײַן האָלץ,
גיב אָב זײַן שלום און זײַן ברכה,
פֿערראַכט איהם ניט, דו זײַ ניט שטאָלץ,

דײַם נאַר זאָלסטו ניט פֿעראַכטען,
האָב רחמנות אויף דעם ווילדען,
ווי ברידער זאָלסטו זײ בעטראַכטען:
מען דאַרף זײ לערנען, מען דאַרף זײ בילדען.

טהון טובות מיגנשען וועדליג דײַן פֿערמעגען,
מיט'ן גאַנצען האַרצען זאָלסטו בעגעהרען,
טאָרסט דערבײַ נאָר קײנמאָל פֿרעגען:
צו וועלכער אמונה זײ געהערען.

אפילו דעם אָרעמען ציגיינער
מוזטו העלפען אין זיין נויט,
ער איז אַ מענש, אַ ברודער דיינער,
גיב איהם וואַסער, גיב איהם ברויט!

כ'האָב דיר געזאָגט, און זאָג דיר ווידער,
זיי אַ איד, נאָר ווייס, פערשטעה,
אַז אלע מענשען זענען ברידער,
איין גאָט, איין פאָטער האָבען זיי.

בעטראַכט, מיין קינד, און גוט בעדענק,
אַלצדינג, וואָס איך זאָג דיר אין ליעד.
איין כלל האָסטו דאָ, נאָר געדענק:
זיי אַ מענש, זיי אַ איד!



ח. נ. ביאַליק.

# דאָס לעצטע וואָרט.

(נביאיש)

איך בין צו אײַך פֿון גאָט געשיקט:
ער האָט געזעהן איהר ווערט דערשטיקט;
ער האָט געזעהן איהר פֿוילט און פֿאַלט,
איהר ווערט פֿון טאָג צו טאָג מעהר אַלט;
און אָבגעלאָזט האָט זיך די האַנד,
און אויסגעלאָזט האָט זיך די מוט—
און גאָט האָט זיך אָן אײַך דערמאָהנט,
און ער האָט מיר צו אײַך געבראַכט.

און גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי:
„צו שווער דער יאָך — איך קאָן ניט מעהר!...
געה, רײַס פֿון זייער האַרץ אײַן „אוי!"
שיס אויס פֿון זייער אויג, אַ טרעהר!
און שווער זאָל זײַן די טרעהר און ביטער,
און הויך זאָל זײַן דער לעצטער קרעכץ,
אַזוי — די ערד זאָל טהון אַ ציטער,
און אָבטרייסלען פֿון זיך דאָס שלעכטס",

איך האָב געפּלאָגט און בין געגאַנגען,
מײַן וועג איז פֿול געוועזן מיט שטיינער;
נאָר אײַן געפֿיהל און אײַן פֿאַרלאַנגען
האָט טיעף געגליהט אין מײַנע ביינער;
איך האָב געפֿיהלט איהר וועגט בײַ קלאַנגען...
און מיט אײַך, בײַ אײַך — קיינער, קיינער...
מיך האָט געטריבען אײַער וועהטיג,
איך האָב געמיינט מײַן הילף איז נייטיג.
איך בין געשטראָפֿט פֿון גאָט מיט האַרץ!
איך האָב אַ האַרץ, וואָס קרענקט פֿאַר יענעם,
וואָס קאָרטשעט זיך פֿון פֿרעמדען שמאַרץ
און ווערט פֿערברענט פֿון יענעמס גיהנם...
איך האָב געהערט, עס איז אײַך שווער,
האָב איך געמיינט, איהר פֿיהלט און ווייסט,
און וואַרגט זיך שטיל מיט אײַער טרעהר
און זוכט אַ הילף און בעט אַ טרייסט,
און טײַער זײַנען די מינוטען..

„איך געה, איך קום — כ'וועל
היילען וואונדען,
מיט אייך אינאיינעם וועל איך בלוטען,
און וואו מען דארף, וועל איך
פערבינדען
און וואו מען מוז, וועל איך אבלעקען
דאס בלוט, וואס טריפט פון אייער
וואונד.
כ'וועל טרייסטען, בעטען, וויינען,
וועקען —
און וועל ניט לאזען געהן צו גרונד!
איך געה, איך קום — איך טראג א
טרייסט.
איך טראג א בשורה פון נחמה;
איך בין געבענשט פון גאט מיט גייסט—
אייך וועל איך שענקען מיין נשמה...
איך בין פון גאט מיט מוט בע-
שמידט,
וואס רייסט-אויס בערג און ווערט
ניט מיעד,
און גאט האט מיר געשענקט א צונג.
א שארפע, ווי א שארפען קלונג, —
אויב איהר וועט שטיין — איז זי
אב'אייזען,
אויב איהר וועט אייזען — איז זי
שטאהל...
איך קום, איך וועל זיך נאר בעוויזען—
און איהר וועט אויפשטעהן מיט
אמאל!"...
איצט שטעה איך אונטער אייער טהיר—
און אבגעבונדען איז מיין לשון;
עס הענגט א שווערע גאלט אויף מיר—

מיין פונק, מיין ליכט איז אויסגעלאשען,
מיך האט בעגעגענט שפאט און שאנד,
איהר האט פאר מיר די טהיר פער-
מאכט —
און אבגעשטויסען איז גאט'ס האנד,
און גאטעס ווארט איז אויסגעלאכט...

בין איך צו אייך אין שמוץ געקראכען
און אלע קליידער איינגעריבט,
כ'האב מיט די הענד פאר אייך גע-
בראכען
און הילף ביי אייך פאר אייך גע-
זוכט...
נאר קיינער קומט צו הילף ניט, קיינער,
און איך בין איינער, איינער, איינער...
מיין תפלה האט געהערט די וואנד,
איהר האט פאר מיר די טהיר פער-
מאכט;
און אבגעשטויסען איז גאטס האנד!
און גאטעס ווארט איז אויסגעלאכט!...

נאר ווייסט, איהר אומגליקליכע,
ווייסט —
איך האב ניט מעהר פאר אייך קיין
טרייסט...
איך האב א ווארט, א שרעקליך ווארט,
וואס וועט אייך הויבען פון דעם ארט;
וואס וועט דאס ליכט אייך מאכען
שווארץ
און וועט פער'סמ'ען אייך דאס הארץ,
אין מויל פערגיפטען אייך דעם ביסען
און ביטער מאכען אייך דאס ברויט,

דאָס לעבען וועט דאָס אײַך פֿער-
מיאוס'ען
און וועט ניט געבען אײַך דעם מוידט...
ניטאָ פֿאַר אײַך קיין וואָרט נחמה!
איך האָב פֿערברענט שוין מײַן נשמה,
איך האָב מײַן בגד מיט אײַך צוריסען.
צובראָכען ליגט אין דר'ערד מײַן
מטה —
איך וועל אויף אײַך מײַן גאַל אויס-
גיסען
און וועל בעשפּײַען אײַך מיט בלוט...

און גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי:
דאָס לעצטע מאָל שרײַ אויס אײַין „אוי"!
און גיב אַ קרעכץ צום לעצטען מאָל,
אַז ציטערען זאָל בארג און טהאָל;
און נעהם זיך אָן מיט גאַל און זאָג:
הערט טויבע, הערט!
עס געהט אַ טאָג.
איך לאָז אַרויס אַ זון פֿון רעכטס
און וועל די וועלט מיט ליכט בע-
גיסען —
נאָר איהר אַליין וועט בלײַבען קנעכט
און וועט קיין טראָפּען ליכט געניסען...
און בלינדערהייד, מיט זיהן און
טעכטער,
וועט איהר אַרומלויפען פֿער'סמ'ט
אהין, אהער, פֿאַר טויזענד מײַל,
און בעטען, חלש'ען אַ שטראַהל...
נאָר אײַך בעגעגענט אַ געלעכטער,
װאוהין איהר קומט, האָט איהר
פֿערזאַמט...

איך שליס אויף אוצרות לעבען, מאַכט,
און ימים פֿרייד וועל איך צוגעבען—
נאָר איהר אַליין וועט זײַן פֿערשמאַכט
און אײַער קוואַל וועל איך בעטריבען;
און טרוקענע מיט זיהן און טעכטער,
וועט איהר אין פֿרעמדע טהירען
קלאַפּען,
מיט'ן פּנים צו דער ערד צופּאַלען
און איבער פֿרעמדע קוואַלען קניהען,
און דאָרשטיג אײַער האַלז אויסציהען,
און בעטען חלש'ען — אַ טראָפּען...
נאָר אײַך בעגעגענט אַ געלעכטער,
פֿאַר אײַך פֿערשלאָסען אַלע קוואַלען.
איך שיק אַראָב אַ מילדען גײַסט
וואָס פֿרישט ווי טהוי פֿון גאָט און ווײַזט
אַ נײַעם וועג צו נײַע הימלען —
נאָר איהר וועט טרוקען זײַן ווי שטרוי,
און ניט אויף אײַך וועט פֿאַלען טהוי.
איהר? — איהר וועט עביג פֿוילען,
שימלען.
און אויב ס'איז נאָך פֿון פֿריהער
געבליבען
אַ פֿונק פֿון גײַסט, געפֿיהל און גלויבען,
אַנ'ערנסטער ווינקעל, אַ הייסע טרעהר—
וועל איך דאָס אײינציגוויז אַברויבען.
און אײַער האַרץ וועט בלײַבען לער
אָהן טעם, אָהן ריח, אָהן לײַב און
לעבען.

און ווײַסט וועט ווערען אײַער צעלם,
און אומשלעפּען וועט איהר זיך
מידע,

וועלד-פרעמדע אויף א פרעמדער וועלט
אין בעטלער אויף א רייכער סעודה,
און שטעהענדיג ביי פרעמדע שוועלען,
וועט איהר די וואונדען זיך אויפדעקען
און וועט פאר פרעמדע זיי אויסשטעלען,
א ציטעריגע האנד אויסשטרעקען
און בעטען הילף אויף בעטלער-לשון—
נאר אויסבעטלען וועט איהר
פאר געלד,
און לעבען וועט איהר פאר א גראשען...

און שווער וועט אייך דאס לעבען
ווערען —
א לאנגע נאכט און ניט איין שטערען...
און אייער קרעכץ פערטראגט דער ווינד
און אייער קול וויל גאט ניט הערען...
און שרעקליך גרויס זועט זיין די נויט,
ווי גרויס און שרעקליך איז די זינד;
און איהר יועט חלש'ען דעם טוידט
און בענקען וועט איהר נאכ'ן לעבען...
נאר גאט וועט אייך ניט ביידע געבען...
און שרעקליך וועה וועט זיין דער
שמארץ...
אפילו אייער אייגען הארץ
וועט אייער אייגען מויל ניט גלויבען...
איהר וועט זיך פרובירען הויבען,
הויבען —
אנ'אמהעס טהון—און וועט ניט קאנען.
דאס איז א קבר, נאר בעגראבען
ועט איהר דארט לעבעדיגערהייד...
דאס איז א פייערדיגער גיהנם
וואס וועט קיין ענדע קיינמאל האבען—
נאר ס'איז א גיהנם אהן טוירט...
און גאט זאגט מיר:
איצט געה אראב
צום טעמפעל הויז און קויף א טאפ,
און טהו א ווארף און זאג דערביי
שמארק הויך, אז יעדערער זאל הערען:
אזוי וועט איהר צוברעכען ווערען!
און רעד ניט מעהר, ניט וויין, ניט שריי,
בויג-אן דעם קאפ און ווער פערשטומט—
עס געהט דער טאג, ער קומט, ער
קומט...

——<--->——

# פֿון ר׳ יְהוּדָה הַלֵּוִי׳ס יַם לִיעדער.

## I.

כ׳האָב פֿערגעסען אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פֿערלאָזט מײַן אײגענעם הויז;
כ׳האָב דעם ים זיך אָבגעגעבען;
טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס!...

און דו, מערב־ווינד געטרײַער,
טרײַב מײַן שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מײַן הארץ מיט אָדלער־פֿליגעל
זוכט שוין לאַנג צו איהם אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אהין בשלום, –
נאָכדעם פֿליה זיך דיר צוריק,
גריסען וואָלסטו אַלע ליעבסטע
און דערצעהל זיי פֿון מײַן גליק...

## II.

אַנגע׳ברונז׳ט האָט דער ים זיך
און געקנײטשט זיך און געקריצט –
פֿלוצים האָט ער זיך צובײזערט
און ער וויעגט זיך שוין און ברומט.

און אַט לויפֿען שוין אַקעגען
ווילד און בײז מיט הײסען שוים.
כוואַליעס־לײבען, כוואַליעס־שלאַנגען,
אויסגעוואַקסען פֿון דעם תהום.

אַט האָט זיך אַ טהאָל געעפֿענט,
אַט שטעהט אויף אַ הויכער באַרג–
פֿלאַטער, זעגעל! בויג זיך, מאַסטבוים!–
דו, מײַן הארץ, בלײַבסט פֿעסט און שטאַרק.

האָסט אַ גרויסען גאָט און הימעל,
ימום שפּאַלט ער מיט זײַן האַנד;
אויף זײַן פֿליגעל מיט זײַן שטורעם
טראָגט ער דיך צום ליעבען לאַנד...

## III.

מיט דער לבנה־שײַן פֿערזילבערט
ווײַט רינגעלט זיך דער וואַסער־שפּיגעל;
פֿערשפּרײט האָט זיך אויף אונז די נאַכט
מיט איהר בלוי־סאַמעטענעם פֿליגעל.

ס׳איז ניט קײן נאַכט–ס׳איז אַ מלכּת־שבאָ!
געהילט אין בלוי׳ס, מיט גאָלד בעפֿליטערט,
שטיל אָטהעמט זי, און אויף איהר ברוסט
שעמירירט דאָס גאָלד, שעמירירט און ציטערט...

ווי שאָף צושפּריוט, די קליינע חוואַליעס
שטיל וויעגען זיך און לייכטען דרימעל.
סע ציטערען אין ים די שטערען —
ווער איז דאָ ים און ווער איז הימעל?...

צוויי ים'ען שלאָפען דאָ צוזאַמען,
צונויפגעלעגט ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים און מיטען שלאָפט ניט:
מיין הארץ מיט זיינע נייע לידער:



# אונטער די גרינעגקע בוימעלעך.

אונטער די גרינעגקין בוימעלעך
שפּילען זיך משה'לעך, שלמה'לעך;
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאה'לעך —
יידעלעך פריש פון די איילעך,
גופים'לעך — שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעהם און צעבלאָז זיי אויף גלידערלעך,
חאַפּען זיי אויף גרינגע ווינטעלעך
און עס צעטראָגען זיי פויגעלעך...

נאָר איין זאַך פערמאָגען זיי — איינגעלעך,
די אויגען פערמאָגען צוויי פינטעלעך,
וואָס גליהען און פינקלען און טוקען זיך,
און עפּעס ווי נביא'ש און וואונדערליך
פערטראַכטען זיך טיעף און פערקוקען זיך
אויף נעכטיגע טעג און אויף פייגעלעך...
אוי, מיר זאָל זיין, יידישע קינדערלעך
פאַר אייער כשר'ע אויגעלעך!...



א. ש. שוואַרץ.

# זומער בײַ נאַכט.

און עס גיסט אַראָפּ די לבנה
אויף די ערד איהר בלאַסען שײַן,
און געהילט אין זילבער-מאַנטעל,
די נאַטור — זי שלאָפט שוין אײַן;

און אַ גרויסע, זיסע שטילקײַט
אויסגעגאָסען איז אַרום,
אויף די פעלדער, אויף די טהאָלען,
אויף די וועלדער, גראָז און בלום:

און זײַ שטעהען ווי פער'כשופ'ט,
ווי פער'חלומט און פערטראַכט,
אָהן דעם קלענסטען שפור פון לעבען,
אָהן די קלענסטע לעבענס-מאַכט;

נאָר אין הימעל דאָרטען אויבען
שלאָפט זיך איצט ניט און עס לעבט,
און מיליאָנען שטערען גלאַנצען,
און די גרויסע לבנה שוועבט:

גרויסע וועלטען, שענע וועלטען,
שטערען-וועלטען אָהן אַ ברעג,
קאָנען דאָרטען ניט אײַנרוהען,
פליהען זייער עביג וועג;

ווי די לבנה, ווי די שטערען
שלאָפט ניט אײַן דאָס האַרץ אין מיר;
ווײַס פון רוה ניט און פון שטילקײַט,
און אַ פײַער ברענט אין איהר...

ל. יפה.

# מיר ציהען, מיר בלאָנזשען.

מיר ציהען, מיר בלאָנזשען אין פינסטער
נאָך ליכט און נאָך שטראַהלען
פערשמאַכט...
רבונו של עולם, בעלייכט אונז
די שווערע, די פינסטערע נאַכט!

עס דריקען די בלייערנע וואָלקענס,
די פינסטערניס שווער און געדיכט...
צינד אָן אין פערצווייפעלטען הערצען
אַ שטרעבען צום עוויגען ליכט!

אַ בענקען נאָך שענקייט און פרייהייט
אין אונזער נשמה ערוועק!...
אוי, עפען אונז אויף דיינע הימלען,
אוי, וויז צו דער זון אונז דעם
וועג!...



# מיין הארץ איז אין מזרח...

(נאָך יהודה הלוי).

מיין הארץ איז אין מזרח, און איך בין אין מערב,
ווי קאָן איך אַ גליקליכער זיין,
ווי קאָן איך פערגעסען מיין שרעקליכעס אונגליק
און לעבען פול נחת און שיין...

אין ווייטע און גלענצענדע שענע מדינות
בין איך, ווי אָהן וואָרצלען אַ בוים,
מיר חלומט זיך ציון, מיין אָרימעס ציון,
עס ציהט מיך אָהן אויפהער אַהיים...

עס גיעסען זיך ליעדער פון גליק און פון לעבען,
איך הער נאָר אַ ביטער געוויין,
עס יאָמערט מיין ברודער, ווי קאָן איך זיין רוהיג
און לעבען פאר זיך נאָר אַליין:...



משה טײַטש.

# מיט יעדער פֿערשטאָרבענע האָפֿנונג.

מיט יעדער פֿערשטאָרבענער האָפֿנונג
ריעשט אויס זיך אין הארצען אַ שטערען,
ס׳ווערט גרעסער אין מוח דער דלות,
און ד׳אויגען בלײַבט ווייניגער טרעהרען.

מיט יעדער פֿערשטאָרבענער האָפֿנונג
פֿאַלט אָב אַ שטיק גאָלד פֿון׳ם לעבען,
עס קומט די פֿערצווייפֿלונג אין שוואַרצען
און זעצט זיך תּכריכים שטיל וועבען.

מיט יעדער פֿערשטאָרבענער האָפֿנונג
פֿערבלײַבט מען אַלץ מעהרער אַנטשוויגען:
עס ווילט זיך ניט זאָגען דעם אמת,
און ס׳ווילט זיך ניט זאָגען קיין ליגען...



פלטיאל זאמאשטשין.

# ניט איך, ניט איך!

ניט איך, ניט איך, שאַף די ליעדער,
ניט איך, ניט איך, זינג זיי אויס,
נאָר מײַן פאָלק, נאָר מײַנע ברידער
דרינגען פון מיר דאָס ליעד אַרויס!

פעסט צו זיי בין איך געבונדען,
מיט לײַב און זעלע, מיט געפיהלען,
זייערע צרות, זייערע וואונדען,
מוז איך זינגען, מוז איך שפיערען!

זייערע זיפצען, זייערע אָכען,
זייערע קרעכצען אויף יעדען שריט,
זיי צושמעלצען, זיי צוקאָכען,
זיי פערגיפטען מיר דאָס בלוט!

און מיט טרעהרען אויף די סטרונעס,
אויף דער האַרפע פון מײַן הערץ,
גאָך די נאָטען פון די קינות
רוישט און גיסט אַ קוואַל פון שמערץ.



י. א. לײזערָאָװיץ.

## פֿאַרװאָס זשע בענק איך.

די זון האָט ניִשט מײַן האַרץ דערפֿרעהט,
װען זי דאָס מאָרגענס האָט ערשײַנט;
פֿאַרװאָס האָט מיר אַזױ געקרענקט,
בשעת זי איז פֿערגאַנגען הײַנט?...

איך האָב קײן בלומען ניִשט געזוכט,
בשעת זײ האָבען נאָך געבליהט;
פֿאַרװאָס זשע בענק איך נאָך זײ איצט,
בשעת זײ װאַקסען שױן מעהר ניִשט?...

דו האָסט מײַן ליעבע ניִשט דערװעקט,
בשעת דו האָסט בעשװאָירען מיר;
פֿאַרװאָס נאָגט מיך מײַן האַרץ אַזױ,
צײַט איך האָב שױן פֿערלאָרען דיר?...

---

## הערבסט מאָטיװ.

נאָך הענגען די בלעטער, פֿערדאַרטע, פֿערשמאַכטע,
דאָרט הױך אױף דעם צװײַג פֿון דעם בױם —
עס שאָקעלט דער װינד זײ, זײ דרעמלען און זעהען
דעם מלאך המות אין טרױם.

נישט האבען זיי אלע דעם זומער געגאסען,
נישט אלע דער טוי האט געקוויקט;
פיעל ברעטער, פיעל יונגע און פרישע אין שפראצען,
דער הערבסט האט דער בייזער דערשטיקט!...

אט הענגען זיי טוידטע, פערגעלטע אין פענסטער
און ווארפען זייער שאטען גאנץ ברייט —
און לעג איך מיך שלאפען אין אווענד אין צימער,
דאן זינגען זיי ס'ליד מיר פון טוידט...



# די ווינטער־קעניגין שפאצירט.

אויפ'ן בלאהען, קלארען הימעל
מיליאנען שטערען האלטען וואכט,
די לבנה מיט איהר פאקעל
אליין בעלייכט די ווינטער־נאכט.

א זילבער־שנע בעדעקט די ערד
העל מיט דימאנטען דורכגעציערט
הארך!... ס'שוועבען מעלטיגע טריט —
ש־ש־ש... די ווינטער קעניגין שפאצירט!..



## א. קאצענעלענבויגען.

# אויגעלעך הארציגע.

אויגעלעך הארציגע,
קרייזעלעך שווארצינקע
הענגען ווי גלעקעלעך,
רויטינקע בעקעלעך,
גריבעלעך־חנ׳דעלעך,
פערעלנע ציינדעלעך,
נאר... צו א מאנעלע
דארף מען נדנ׳עלע...



## ה. ד. נאָמבערג.

# אַוויעג ליעד.

ס'לויפֿען, כ'יאָגען שוואַרצע וואָלקען,
ס'פֿייַפֿט און ברומט דער ווינד, —
פֿון דערוויַיטען שיקט דיַין טאַטע
דיר אַ גרוס, מיַין קינד!

נאָר דער ווינד, ער ברענגט אונז גרוסען
פֿון דעם קאַלטען לאַנד:
דאָרטען שטעהט ער; אַ לאָפּאַטע
האַלט ער אין דער האַנד,

און ער גראָבט אַלץ טיעפֿער, טיעפֿער,
וואַרפֿט די ערד אַרויס,
זאָרג ניַשט, קינד מיַינס, פֿאַר'ן שקר
גראָבט ער קברים אויס.

ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער
פֿאַלט ער אויפֿ'ן פֿעלד!
זאָרג ניט קינד מיַינס, דיך געבאָרען
האָט אַ גרויסער העלד.

און אַ העלד וועסטו אויסוואַקסען,
שלאָף זשע, שלאָף אַצינד!
זאַמעל כחות פֿאַר דער צוקונפֿט,
זאַמעל איינציג קינד!



א. גאָלדפאַדען.

# שַׁבָּת יום־טוב און ראש חודש.

שבת, יום טוב, און ראש חודש,
דאַווען איך מיר אַליין פאַר זיך;
איך האָב מיר אַליין מיין אָרון קודש,
עס בעט ניט קיינער אין איהם — נאָר איך, —

מיין שווער הארץ איז דאָרט דער עמוד,
עס זעהט איהם קיינער ניט אַרויס,
די ליעבע איז דאָרט׳ן, מיין נר תמיד...
עס ברענט! — און לעשט קיינמאָל ניט אויס!

דער חזן בין איך - אַליין איך אַליין,
די צרות — העלפען מיר ווי זינגער׳ס מיט
טרוירינגס, זינגען מיר אויס גאַנץ שען,
פריילכם? — עפּעס געהט ביי אונז ניט!...

די האָפנונג הערט מען דאָרט פערזאָגען!
מען הערט זי אַרויס, אויך ווען זי שווייגט!...
באַלד הערט מען זי דאָרט וויינען, קלאָגען,
און די טרעהרען קלאַפען צו, צום טאַקט! —

---

# פלאַקער פייער...

(האָר־ליעד).

חאָר.

פלאַקער, פייעריל, פלאַקער!
קנאַק אונז פרעהליך צו,
ליַיכט אונז צו ביז אין דערפריה;
דער בויער רוהט ביים אַקער,
דער פאַסטוך — ביי זיינע פיה,
יעדען איז ליעב זיין מיה. —

סאָלאָ.

לעגט זשע צו האָרץ! —
מיר מעגען זיין שטאָלץ,
פרעהליך מאַנצען אין קאָהן;
ווייל פאַסטולער אַליין,
זענען דאָך געוועזען
אונזערע אָבות פון אייביג אָן! —
קאָהר. פלאַקער, פייערל א. ז. וו.

סאָלאָ.

דאָס פעלד איז אונז ליעב,
די לופט אין דער שטוב
חלעבען איז אומגעזונד;
דאָס דערצעהלט אייך אַלדינג,
איטער איינענע ליננ,
אַז זי בעקומט נעבּיך
די קראַנקע וואונד!...
חאָר. פלאַקער, פייערל א. ז. וו.

סאָלאָ.

די גרויסע שטאָדט,
שאָדט אַ סך, שאָדט!
דער חשק, די דאַגה, דער ווייז!
דער טריקענט דעם כח...
די דאַרט דער מות...
דער טרייבט יונג אין דער ערד אַריין.
חאָר. פלאַקער, פייערל א. ז. וו.



ש. פּרוג.

# זאַמד און שטערען.

עס שײַנט די לבנה; עס גלאַנצען די שטערען;
די נאַכט שװעבט אויף באַרג און אויף טהאָל...
דאָס אַלטיטשקע ביבעלע ליעגט פאַר מיר אָפּען, —
איך לײען עס, לײען דאָס טױזענדסטע מאָל.

איך לײען די הײליגע, טײַערע װערטער,
מיר הערט זיך אַ שטימע: „איך שװער —
מײַן פאָלק, דו װעסט זײַן װי די שטערען אין הימעל,
װי זאַמד אויפ'ן ברעג פונ'ם מעער...״

רבונו של עולם! עס װערט ניט פערפאַלען
פון דײַנע הבטחות קײן אײנציגעס װאָרט;
מקוים מוז װערען דײַן הײליגער װילען,
אַלץ קומט אין זײַן צײַט אויף זײַן אָרט.

און אײנס איז שוין טאַקי מקוים געװאָרען,
דאָס פיהל איך, דאָס װײס איך געװיס:
מיר זענען געװאָרען װי זאַמד, װאָס איז הפקר,
װאָס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יאָ, גאָטעניו, אמת, װי זאַמד און װי שטײנער,
צושפּרײט און צװאָרפען אויף שאַנד און אויף שפּאָט
נו אָבער די שטערען, די ליכטיגע, קלאָרע —
די שטערען, די שטערען — װאו זענען זײ, גאָט?



י. י. פּראָפּוס.

# איך שטעה בײַ דעם וואַלד.

איך שטעה בײַ דעם וואַלד,
וואו ס'האָט זיך גישט לאַנג
פון פֿױגעל געהערט
א געטליך געזאַנג —

פון ליעבע און טרײסט,
פון שענהײט און פּראַכט ——
איך שטעה בײַ דעם וואַלד
אין מרויער פערטראַכט;

וואו זענען זײ ציכר
די פֿױגעלעך וואו?
אין לענדער פערפרעמדט —
צי האָבען זײ רוה?

צי זינגען זײ דאָרט
אויך ליעדער פון גליק?
צי ציהט זײער האַרץ
אהערצו צוריק?...

  

י. ל. גארדאן.

# צווייא חסידים.

(בנגון: די גרענאדירע).

צוויי חסידים זענען געגאנגען צו פיס
אויף סכות צו'מ רבין קיין ריזען —
זיי האבען געוואלט הערען דעם שמיעס
דעם רבינ'ס מיט די אושפיזין.

דא האבען זיי אונטערוועגנס דערהערט,
דאס עס איז א גרויס אומגליק געקומען:
ר' סראלצע ליעגט געבעך ווי א בארג אין דער ערד,
מע האט איהם אין פעסטונג גענומען.

דא האבען די חסידים געטהון א געשריי
און אויף זיך געריסען די הויט.
גוואלד ברידער, שרייט איינער, אך אונז און וועה,
דערפון וועל איך קריגען מיין טוידט!

דער אנדערער ראיעט איך ווי א הינד:
יא, דיר איז צו שטארבען גרינגער,
איך אבער האב דאך וייב און קינד,
וואס וועלען מיר אויסגעהן פאר הינגער.

וואס ארט אונז א ווייב, וואס ארט אונז א קינד,
מיר האבען פאר וואס בעסערס צו בעטען.
לאזען זיי פאר הונגער פייגערן ווי הינד —
דער רבי, דער רבי — אין קעטען!

נאָך איין בקשה וועל איך צו דיר האָבען:
אַז ס'וועט קומען מיינע לעצטע מינוטען,
זאָלסטו אין ריזען מיך זעהן צו בעגראָבען,
מיט ריזינער ערד מיך באַשיטען.

דעם שבת'דיגען טלית מיט דעם זילבערנעם קאַנט,
די תפילין מיט די ברייטע רצועות,
אויך בראָנפען אַ פלאַש גיעב מיר אין די האַנד
און דעם שופר צו בלאָזען די תקיעות.

אַזוי וועל איך רוהיג אין מיין קבר זיך ליעגען.
מיין שלאָף וועט מיר קיינער ניט שטערען,
ביז איך וועל אַ מאָל דעם הייליגען נגון
פון דעם רבינ'ס זמירות דערהערען.

דער רבי וועט טרעטען אויף מיין קבר דאָס גראָז,
דערפון וועל איך אויפשטעהן ממילא,
אויפשטעהן און טרינקען בראָנפען אַ כוס
און בלאָזען אַ תקיעה גדולה...



א. רייזען.

# ארימעם לעבען

ארימעם לעבען! נאר שטענדיג זיך מאטערן,
שטענדיג צו לעבען אין נויט;
כוחות די יונגע די פרישע צו פטר'ן.
זוכענדיג – טרוקענעם ברויט!

וואגלען און וואנדערן! וואו מ'זאגט נעט נעכטיגען,
נעכטיגען ניט, וואו געטאגט!
הערען דאם שפעטען פון בזי – נידערטרעכטיגען,
שווייגען – קיין ווארט נישט געזאגט!

בוקען זיך, ביגען זיך נידעריג, נידעריג.
ברעכען דעם קערפער אויף האלב;
רעדען תחנונים און וויינענדיג, ציטערדיג
בעטען ביי'ם גאלדענעם קאלב!...

ליעבע און גלויבען און שטרעבונגען קראפטיגע,
פוילען און וועלקען אין הארץ;
בלומען פון יוגענד, די פרישע, די זאפטיגע,
ווערען צוטראטען אויף שווארץ!...

# דיינע אויגען.

דיינע אויגען לייכטען, פינקלען...
ווען דו רעדסט פון נייע צייטען:
אלע מענשען – זאט און גליקליך,
ווען די ארדנונג וועט זיך בייטען.

און איך גלויב אין דיין נביאות,
דאך אין אויג מיינם שטעהען טרעהרען:
ביי דער בעסטער ארדנונג, ליעבסטע,
וועסטו אלץ ניט מי'ר געהערען...

מאָריס ראָזענפעלד.

# אַרבּייטער־ראָמאַנס.

נישט זוך מיך, וואו מירטען גרינען,
געפינסט מיך דאָרטען ניט, מיין שאַץ;
וואו לעבענס וועלקען ביי מאַשינען —
דאָרטען איז מיין רוהע־פּלאַץ,
דאָרטען איז מיין רוהע־פּלאַץ.

נישט זוך מיך, וואו די פייגעל זינגען,
געפינסט מיך דאָרטען ניט, מיין שאַץ;
אַ שקלאַף בין איך; וואו קייטען קלינגען,
דאָרטען איז מיין רוהע־פּלאַץ,
דאָרטען איז מיין רוהע־פּלאַץ.

נישט זוך מיך, וואו פאָנטאַנען שפּריצען,
געפינסט מיך דאָרטען ניט, מיין שאַץ;
אַ וואו טרעהרען רינען, צייהנער קריצען,
דאָרטען איז מיין רוהע־פּלאַץ.
דאָרטען איז מיין רוהע־פּלאַץ.

און ליעבסטו מיר, מיין טרייסט, מיין טרייהייט —
צו ליידען נעהם זיך אָן, מיין שאַץ,
ביז וואַנען גלייכהייט, גליק און פרייהייט
ברענגען אונז איין רוהע־פּלאַץ,
ברענגען אונז איין רוהע־פּלאַץ.

# אַ ייד בין איך.

(צו די פויגעלאך).

ניט זינגט מיר, פויגעלאך געטרייע,
פון מאי, פון פעלדער פרישע, פרייע;
וואָס נוצט מיר אייער ליעד?
אָי, אָי, שאדע אייער מיהען:
איך ליעב נאָר טרויער מעלאָדיען —
אַ ייד בין איך, אַ ייד!

אָי, זינגט פון זיפצען, זינגט פון טרעהרען.
נאָר אונמוטהיגעס לאָזט מיר הערען,
ווי ס'פּאַסט צו מיין געמיטה!
מיט טרעהרען, מיט טרעהרען געזויגען,
אויף זיפצען בין איך געצויגען —
אַ ייד בין איך, אַ ייד!

איך בין ווי דער בית-עולם,
וואָרום איך קען נאָר מתים, קען נאָר קברים —
פון לעבען ווייס איך ניט;
אָי, שאדע, פויגעלאך, אייער מיהען: —
איך ליעב בית-עולם מעלאָדיען —
אַ ייד בין איך, אַ ייד!



# די יודישע פרייהייט.

מיר האָבען גענוג שוין פאַר פרעמדע געשטאַפּען
און זעהען גאַנץ גוט, וואָס עס איז אונזער לוין,
מיר ווילען נישט לענגער פערבלייבען קיין שקלאַפען,
און רייך מאַכען פרעמדע און בעטלען אַליין.

מיר האָבען גענוג שוין געבויעט פּיראַמידען
פֿאַר יעדוועדען פרעה אין יעדוועדען לאַנד;
שוין צייט זיך בעפרייען אלס מענשען און יודען
פון עבּיגען גלות פון עביגער שאַנד.

שוין צייט צו צובּרעכען פון גלות די קייטען,
צו שענדליכער קנעכטשאַפט זאָל נעהמען אַנ'עק;
און שטאַרקען און מוטהיגען איינער דעם צווייטען,
ביז וואַנען מיר וועלען ערגרייכען דעם צוועק.

און אָנפאַנגען אַרבייטען און אויפהערען ווייִנען,
מיר האָבען גענוג שוין געוויינט און געשקלאַפט;
און זאָלען זיך אונזערע כחות פעראייִנען,
אין איין גרויסער מעכטיגער פרולטבּאַרער קראַפט.

און צווישען אונז הערשען זאָל אחדות און טרייהייט,
אַ שטאַרקער אַ אמת'ער ברודער-פערבּאַנד;
זאָל זיין אונזער לאָזונג „די יודישע פרייהייט"
„פאַר'ן יודישען פאָלק, פאַר דעם יודישען לאַנד".



# דער קאַנאַריק.

עס טרילערט דער קאַנאַריק
אין פרייען וואַלד אַליין;
ווער קען זיין שמחה פיהלען?
ווער קען זיין פרייד פערשטעהן?

עס טרילערט דער קאַנאַריק
אין רייכסטען פּאַלאַץ יעצט;
ווער קאָן זיין וועהטאָג פיהלען?
ווער קאָן זיין שמערץ פערשטעהן?

—oo:o:oo—

# מאי.

ווידער איז דער מאי געקומען,
מיט זיין צויבער, מיט זיין פראכט, —
אלע גראזען, אלע בלומען
האבען ווידער אויפגעוואכט!

ווידער בליהט עם אויף די פעלדער,
ווידער גרינט עם אין די וועלדער
ווידער גלענצט עם איבעראל,
ווידער זינגט די נאכטיגאל.

ווידער נעהמט דער פריהלינג מאהלען,
מיט זיין פענזעל וואו ער שטיים,
וועלען בערגער, וועלען טהאלען,
ווערט די ערד מיט גרין פערציערט.

---

# מיין יינגעלע.

איך האב א קליינעם יינגעלע,
א זוהנעלע גאר פיין!
ווען איך דערזעה איהם דאכט זיך מיר,
די גאנצע וועלט איז מיין.

נאר זעלטען זעלטען זעה איך איהם,
מיין שענעם ווען ער וואכט,
איך טרעף איהם אימער שלאפענדיג,
איך זעה איהם נאר ביינאכט.

די אַרבײַט טרײַבט מיר פריה אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אָה, פרעמד איז מיר מײַן אײגען לײַב!
אָה, פרעמד מײַן קינדס אַ בליק!

איך קום צוקלעמטערהייד אַהיים,
אין פינסטערניש געהילט, —
מײַן בלײכע פרוי דערצעהלט מיר באַלד,
ווי פײַן דאָס קינד זיך שפּילט.

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?"

איך הער עס צו און ווײַל — עס מוז, —
יאָ, יאָ, עס מוז געשעהן!
די פאָטערליעבע פלאַקערט אויף;
עס מוז מײַן קינד מיך זעהן!...

איך שטעה בײַ זײַן געלעגערל
און זעה, און הער, און שאַ!
אַ טרוים בעוועגט די ליפּעלעך;
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך קוש די בלויע אויגעלעך,
זײ עפנען זיך — „אָ, קינד!"
זײ זעהען מיך, זײ זעהען מיך,
און שליעסען זיך געשווינד.

„דאָ שטעהט דיין פאפא, טייערער,
אַ פּענעלע דיר, נאַ!"
אַ טרוים בעוועגט די ליפּעלאַך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?

איך בלייב צעוועהטאָגט און צעקלעהמט,
פערביטערט און איך קלעהר:
„ווען דו ערוואַקסט אַ מאָל, מיין קינד,
געפינסטו מיך ניט מעהר"...

## גָלוּת-מַארְשׁ.

מיט דער וואנדערשטאַב אין האַנד.
אָהן אַהיים און אָהן אַ לאַנד;
אָהן אַ גוֹאֵל, אָהן אַ פריינד,
אָהן אַ מאָרגען, אָהן אַ היינט, —
ניט געדולדעט, נאָר געיאָגט,
וואו גענעכטיגט, ניט געטאָגט,
אימער וועה, וועה, וועה!
אימער געה, געה, געה!
אימער שפאַן, שפאַן, שפאַן!
כל זמן כח איז פאַרהאַן!

אונזער גבורה ליעגט אין שטויב,
אונזער תורה איז אַרויב,
אונזער נאָמען—אַ געפאַהר,
אונזער יחוס נאָר אַ צער.

אונזער גאונות נאָר אַ חטא,
אונזער פֿײַנקײַט – אַ געשפּעט.
אימער שלעכט, שלעכט, שרעכט!
אימער קנעכט, קנעכט, קנעכט!
אימער זוך, זיך, זוך
וועגען אין דעם שונא'ס פלוך!

און אַזוי, אָ, יאָהר נאָך יאָהר,
און אַזוי, אָ, דור נאָך דור,
אָהן אַ האָפנונג, אָהן אַ צוועק,
אײַנגעהילט אין גרויל און שרעק,
וואַנדלען מיר וואַלד אוים וואַלד אײַן,
פֿון יסורים נאָר צו פּײַן.
אימער טרעט, טרעט, טרעט!
אימער בעט, בעט, בעט!
אימער נויט, נויט, נויט!
און קײן גליק זאָגאַר צו'ם טויט!



שלום עליכם.

# שלאף מיין קינד.

(א וויגג-ליעד).

שלאף, מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שענער,
שלאף, מיין זוהנעניו!
שלאף, מיין קרוין, מיין קדיש איינער,
ליולינקע ליו–ליו.

ביי דיין וויגעל זיצט דיין מאמע,
זינגט א ליעד און וויינט;
וועסט אמאל פערשטעהן מסתמא,
וואס זי האט געמיינט.

אין „אמעריקע" דער טאטע
דיינער, זוהנעניו!
ביזט א קינד נאך, שלאף לעת-עתה,
שלאף זשע, שלאף ליו-ליו.

דאס „אמעריקע" פאר יעדען,
זאגט מען, איז א גליק,
און פאר יידען א גן-עדן, —
עפעס אנ'אנטיק.

דארטען ווייסט מען פון קיין גלות,
גזרות, זוהנעניו,
פון קיין צרות, קיין יכלות,
שלאף זשע, שלאף, ליו–ליו.

דארטען, זאגט מען, זענען יידען,
קיין עין הרע רייך.
יעדער לעבט זיך דארט צופריעדען, —
אלע זענען גלייך.

דאָרטען עסט מען אין דערוואַכען
חכה זוהנעניו!
יאַיכלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו–ליו.

נאָר דערווײַלע לאָמיר האָפען,
אוי, וואָס קאָן מען טהון?
כ'וואָלט שוין לאַנג צונ'איהם געטראָפען,
ווײַס איך נים וואוהין...

גאָט וועט הײַסען, וועט ער שיקען
בריוולעך, זוהנעניו!
גאָר אין גיכען אונז בעגליקען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו–ליו.

ער וועט שיקען צוואַנציג דאָלער
זײַן פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעהמען, לעבען זאָל ער,
אונז אַהינצוצו.

ער וועט אַלץ פון אונזערטוועגען
שאַפען, זוהנעניו,
און וועט פאָהרען אונז אַקעגען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו–ליו.

און וועט האַפען דיך צו'ם קושען,
שווײַגען אזש פאַר פרײַד;
איך וועל קוואַלען טרעהרען גיסען,
ווײַנען שטילערהײַד.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטעל,
דאַרף מען, זוהנעניו,
שלאָפען; ס'איז אַ טײַער מיטעל, —
ליולינקע ליו–ליו.



יצחק קאצענעלענסאָן.

# עלעגיע.

די זון פערגעהט אין פלאַמען.
די זון — מען זעהט זי קוים.
אַזוי פערגעהט מיין האָפנונג,
אַזוי פערלעשט מיין טרוים.

די נאַכט, די נאַכט איז פינסטער,
די נאַכט איז שטום און שוואַרץ;
אַזוי זעהט אויס מיין טרויער,
אַזוי זעהט אויס מיין האַרץ...

וועלט דו, וועלט דו, זאָרג ניט —
באַלד לייכט אויף דיין טאָג;
עביג איז מיין טרויער,
עביג איז מיין קלאָג.



ברוך זאַפּיר.

# שײדען טהוט װעה.

## דועט.

Melodie: „Leise flehen meine Lieder“.

1.

(ער).

פֿאַרװאָס, אַך זאָ טרױעריג מײַן טײַערע גדולה.
אָ זאָג, װאָס פֿערארױאַכט דיר שמערץ,
מײַנסט אפֿשר איך קען דיך פֿערלאָזען, חלילה,
דיך מײַן אײַנציג הערץ,
דיך מײַן אײַנציג הערץ,
דיך ...

2.

(זי)

איז מיר דען מעגליך אצינד, װען מיר שײדען,
צי האַלטען צוריק מײַן געװײַן,
אין דײַן הערצען װאָהנען אלע מײַנע פֿרײַדען,
לאָז מיך נישט אלײַן,
לאָז מיך נישט אלײַן,
לאָז ...

8.

(ער)

דאָרט קושען צװײַ טײַבלעך זיך אויף די צװײַגען,
פֿליהט יעדעס אין זײַן נעסט אַרײַן,
זײַ מוזען אויך שײדען, דאָך זעה, װי זײַ שװײַגען,
װילען נישט טרױריג זײַן,
װילען נישט טרױריג זײַן,
װילען ...

4.

דער אָרט, וואו מיר שיידען, דער איז צו בעדויערען,
שטיל בלייבט ער, וויכט און לעער.
די געגענד וועט ווײנען, די ערד וועט טרויערן,
ס'וואַקסט קיין גרעז'ל מעהר,
ס'וואַקסט קיין גרעזעל מעהר,
ס'וואַקסט...

5.

דאָס גראָז קען וועלקען, די געגענד שווייגען,
דאָך טרײַע ליעבע בליהט,
איך צוואַר פערליר דיך אויס די אויגען,
אוים דעם הערצען ניט.



יצחק קאַצענעלזאָהן.

# פערליעבטע.

אַ שטערענד׳ל בלינצעלט אין הימעל,
אַ מעדעלע בלאָנדזעט אין גאַס —
וואָס ציטערט דער גלאַנציגער שטערן?
פאַרוואָס איז דאָס מעדעלע בלאַס?

---

זיי ביידע, זיי זענען פערליעבטע,
די נאַכט נאָר, די שטילע — זי הערט:
ווי ס׳שטערענד׳ל רופט זי אין הימעל,
ווי ס׳מיידעלע רופט׳ן אויף דר׳ערד.

---

אַ מאָהל אין אַ נאַכט־שעה אַ שטילע
ווען ס׳גליהט אויף אין האַרצען די לוסט —
האָט ס׳מעדעל צעריסען איהר בלוזע,
בעוויזען דעם הימעל איהר ברוסט.

---

פערפלאַקערט האָט דעמאָלט דער שטערן,
געריסען פון הימעל זיך באַלד;
דאָס מעדעלע חלש׳ט און זעהט ניט
ווי ס׳גלאַנציגע שטערנ׳דל פאַלט — —



ה. ד. נאָמבערג.

# וואָרום.

(פון העבר)

וואָרום זענען די רויזען פערטרויערט און בלאַס,
צי ווייסט דו נישט, ליעבסטע, פאַרוואָס?
וואָרום ווײנען די פייגעלעך מיט ציטריגע טרעהרען
און טוליען די קעפּעלעך אין גראָז?

וואָרום ביי'ם ליכטיגסטען שיין פון'ם זומער
זינגען טרויעריג די פויגעל אַזוי?
וואָרום שטעהען אין טרויער די בוימער,
איינגעהילט אין אַ בלאָהליכען טהוי?

וואָרום איז מיר דער ליכטיגער שטראַהל
אַזוי מאַט, אַזוי טונקעל געוואָרען,
אַז עס דוכט זיך: די אָרימע וועלט
איז צו אַנגסט נאָר און בענקשאַפט געבאָרען?

וואָרום קלעמט מיר דאָס האַרץ אָהן אַנ'אויפהער,
וואָרום פריהר איך אין פריהלינג פאַר פראָסט?—
אָ, זאָג מיר מיין ליעבסטע, וואָרום דען וואָרום,
האָסט דו מיך פערגעסען. פערלאָזט?



פאָלקס ליעדער.

# דו מעדעלע דו שענס.

דו מעדעלע, דו שענס, דו מעדעלע, דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגען א רעטעניש א פיינס:
וואו איז פאַראַן א מלך אָהן א לאַנד?
וואו איז פאַראַן א וואַסער אָהן א זאַמד?
נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין שכל אין דיין קאָפּ:
דער מלך פון קאָרטען איז אָהן א לאַנד,
דאָס וואַסער פון אויג איז אָהן א זאַמד.

דו מעדעלע, דו שענס, דו מעדעלע, דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגען א רעטעניש א פיינס:
וואָס איז טיעפער פאַר א קוואַל
וואָס איז ביטערער פאַר א גאַל?
נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין שכל אין דיין קאָפּ:
די תורה איז טיעפער פאַר א קוואַל,
דער טוידט איז ביטערער פאַר א גאַל.

דו מעדעלע, דו שענס, דו מעדעלע, דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגען א רעטעניש א פיינס:
וואָס פאַר א שטוב איז אָהן א טיש?
און וואָס פאַר א וואַסער איז אָהן א פיש?
נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
האָסט ניט קיין שכל אין דיין קאָפּ:
די באָד-שטוב איז דאָך אָהן א טיש
די מקוה-וואַסער איז אָהן א פיש.

דו מעדעלע, דו שענס, דו מעדעלע, דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגען א רעטעניש א פיינס:
וואס'ער מילנער איז אהן א מיהל?
און וואס'ער לעפעל איז אהן א שטיל?
נארישער בחור, נארישע טראפּ.
דו האסט ניט קיין שכל אין דיין קאפּ:
אנ'אבגעברענטער מילנער איז אהן א מיהל,
אנ'אבגעבראכענע לעפעל איז אהן א שטיל!



## הער נאר דו, שען מעדעלע!

הער נאר דו, שען מעדעלע,
הער נאר דו, פיין מעדעלע,
וואס ווע‍סטו טהון אין אזא וייטען וועג?
איך וועל געהן אין אלע גאסען
און וועל שרייען וועש צו וואשען,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין.

הער נאר דו, שען מעדעלע,
הער נאר דו, פיין מעדעלע,
וואס ווע‍סטו טהון אין אזא וייטען וועג?
איך וועל געהן מיט'ן שווערען פעקעל
און אהן שוך און אהן רעקעל,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאמען זיין.

הער נאָר דו, שען מעדעלע,
הער נאָר דו, פיין מעדעלע,
וואָס ועסטו טהון אין אַזאַ וויַיטען וועג?
איך וועל טויזענד צרות ליידען,
אומעטום נדבות קלייַבען,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין.



# דער פּאַראָם.

ביי אַ טייך, וואָס איז טיעף און ברייט,
איך זעה אַן איבערפיהר ביים ברעג שטעהט.
און אַלע צו איהם ציהען,
פון ביידע זייטען, פון ביידע ברעגען.
מענשען פערד און וועגען,
אייַלענדיג אהין פליהען...

די אַלע מענשען
ווינשען זיך און בענשען,
זיי זאָלען גליקליך אַריבער דעם טייך.
אונזער לעבען איז דער פּאַראָם,
די וועלט איז ביי אונז דער תהום,
ברידער, דאָס מיין איך טאַקי אייך!



